ס. דזיובינסקי

# מיפּינלע

פּיאָנערן־
שול־ביבליאָטעק

שול־און פּיאָנערן־ביבליאָטעק

ס. דזיובינסקי



# מיליאָנען שפּינדלען



מלוכה־פאַרלאַג
קיעוו 1931

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכע־
נונג פונעם בוך און די שפּעטער־
ע ביבליאָטעק־קאַטאַלאָגן זײַ־
נען אָפּגעדרוקט אין „צײַטשריפט
פון דרוק" און אין דעם „קאַרטאָ־
רעפּערטואַר" פון דער אוקראַיִ־
נישער ביכער־פּאַלאַטע.

# מיליאָנען שפּינדלען

(אַ בּיכל וועגן דעם, וויאַזוי סע וואַקסט די טעקסטיל־אינדוסטריע
און וויאַזוי די סאָוועטישע טעקסטילער בויען סאָציאַליזם)

**אינעם ערשטן קאַפּיטל** רעדט זיך וועגן דעם, וויאַזוי „דאָס קעניגרייַך פון ציץ" האָט אויסגעזען אַמאָל, וויאַזוי איין טײַך האָט געברענט, און דער צווייטער איז געוואָרן אַן אַרבעטער־אוניווערסיטעט.

**פונעם צווייטן קאַפּיטל** וועט איר זיך דערוויסן, וויאַזוי די סאָוועטישע טעקסטילער זאָרגן אַליין וועגן זייער ווירטשאַפט און וואָס סע טראַכטן וועגן די סאָוועטישע טעקסטילער די אַמעריקאַנער.

**דאָס דריטע קאַפּיטל** דערציילט וועגן דעם, וויאַזוי סע אַרבעטן די נײַע סאָוועטישע פאַבריקן, וויאַזוי מע קלאַפּט, מע ברעכט, מע קעמט, מע ציט אויס, מע דרייט צונויף, מע גלײַכט אויס און מע פאַרוואַנדלט אין דינע פעדעם דעם טורקעסטאַנער און אַמעריקאַנער בוימוואָל, וויפל שפּינעכץ סע אַרבעט אויס אַ נײַע פאַבריק אין אַ טאָג, אין אַ חודש, אין אַ יאָר, וויאַזוי סע אַרבעטן שלאָג־בריגאַדעס און וואָס מע טוט צוליב דעם, סע זאָל ניט זײַן קיין הונגער אַף מאַנופאַקטור.

**אינעם פערטן קאַפּיטל** דערקלערט דער סאָוועטישער אַמעריקאַנער, כאַווער מאַרטינאָוו, פינקעלעך, פאַרוואָס עקט בא אונדז ניט קיין מאַנופאַקטור, און ער דערציילט גענוי, ווי אַ און וועלכע טעקסטיל־סבוירעס ס'וועט זײַן צום סאָף ערשטן פינפיאָר.

אינעם פינפטנ קאַפּיטל דערציילט זיכ וועגנ דעם, וויאַזוי סע לעבנ און סע אַרבעטנ איצטער די טעקסטיל-אַרבעטער אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וויאַזוי ס'האָבנ געלעבט די טעקסטיל-אַרבעטער אינ צאַרישנ רוסלאַנד, וויאַזוי דאָס לעבנ פונ די טעקסטיל-אַרבעטער האָט זיכ נאָכ דער רעוואָליוציע געענדערט און וויאַזוי ס'וועט אינגאַנצנ פאַרגרינגערט ווערנ און פאַרבעסערט ווערנ דאָס לעבנ פונ די טעקסטיל-אַרבעטער צום סאָפ פינפיאָר.

אינעם זעקסטנ קאַפּיטל טרעט אַרויס דער כאַווער מאַרטינאָוו, וואָס דער לייענער קענ אים שוינ, אינ סאָב־קינאָ און דערציילט וועגנ דעם, וויפל מיר האָבנ צום סאָפ פינפיאָר שפּינדלענ, וועבשטולנ, נײַע פאַבריקנ, ווו אונ ווענ מע וועט דידאָזיקע נײַע פאַבריקנ אויסבויענ און ווי אַזוי פ ס ד ר וועט דעריאָגנ און איבעריאָגנ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

---

### קאַפּיטל ו

# א טײַכ וואָס האָט געברענט

> דאָס דאָרפ איוואנאָוואָ האָט מענ פאר-צײַטנס גערופנ „דאָס קעניגרײַכ פונ ציצי". די אלטגעזעסענע אײַנוווינער געדענקענ נאָכ די געשיכטעס פונ אמאָל, פונ דער פינצטערער פארגאנגענהײַט.

צוריק מיט א יאָר הונדערט איז ארומ איוואנאָוואָ געווענ אסאכ טיפע ריוועס. אינ די פינצטערע לעכער אונ אינ די גע-דרייטע גענג האָבנ זיכ אוסבאהאלטנ „בייזע גאזלאָנימ". באנאכט פלעגנ די גאזלאָנימ ארויסגיינ אונ זיכ צעגיינ אפ פארשיידענע וועגנ: אייניקע זײַנענ אוועק אפנ גרויסנ שליאכ ראבעווענ א מאָסקווער אָדער א קאָסטראָמער סויכער, אנדערע האָבנ ווי-פיקסנ זיכ אונטערגעגאנוועט צומ דאָרפ, אונטערגעקראָכנ צו א רײַכנ סויכערס שטוב, האָבנ באשמירט די פענצטער מיט א בלאט וואקס אונ ארויסגעקוועטשט די טאפליעס... דער סויכער איז ניט אופגעשטאנענ קאיאָר, האָט ניט געציילט צומ טויזנטסטנ מאָל זײַנע טשערוואָנצעס אינ די לעדערנע זעק. דערפאר איז געווענ א לעבנ אינ די ריוועס: ס'האָבנ געהוליעט די „פרײַע מענטשנ", האָבנ געטיילט די רײַכע רויב.

אינ געדיכטנ נאָדל-וואלד האָבנ זיכ אופגעהאלטנ רויב-כײַעס. דער בער האָט שטיפנדיק געוואלגערט אפ דער ערד הונדערט-

יאָריקע בײמער. יאָגנדיק זיך נאָכן האָז, האָט זיך צווישן די סאָסנעס געגאַנווּעט דער אָנגעשפּיצטער פוקס. אױף די צווײַגן איז אומגעשפּרונגען אין אומרויִקער צעטומלטקייט וועווריק דער פאַרגרייטער. ווינטער פלעגן ארויסגײן צום דאָרף, אפילע ארײַנ־גײן אין דאָרף גופע דער אויסגעצערטער וואָלף...

נאָר אומבאַמערקט איז געשטערט געוואָרן דאָס פרײַע לעבן אינעם נאָדל־וואַלד. ס׳זײַנען געקומען מענטשן מיט העק, האָבן אָנגעהויבן האַקן די הונדערט־יאָריקע סאָסנעס, האָבן זיי אָפּגערייניקט פון דער סמאָליקער קאָרע און אוועקגעפירט אױפן צווייטן עק דאָרף, צום ברעג פונעם בלויען טײַכל אוּוואָד. דער נאָדל־וואַלד האָט זיך איבערגעביטן, האָט זיך צעשמײכלט מיט ברייטע גרינע וואַלד־לאָנקעס, האָט זיך צערוישט מיט גאָלדיקע שפּענער. האָט זיך די כײַע דערשראָקן פאַר דער האַק און פאַר די געשרײען און איז אוועק אין רויִקערע קאַנטן.

ס׳איז געוואָרן ראַשיק אין איוואַנאָוואָ גופע. אויך דאָס קלאַפּן פון דער האַק און דאָס רוישן פון די וואַרסטאַטן האָבן ארויסגעשטויסן די רויִקייט פון די הויקערדיקע, זומפּיקע גאַסן...

אױפן ברעג אינעם אופגערודערטן אוּוואָד איז געגאַנגען אן אײַ־ליקע בויונג. געווען איז אמאָל דער אוּוואָד קלאָר און בלוי, ווי דער דאָרעמדיקער הימל. פעטע פיש האָבן זיך אופגעהאַלטן אינעם טײַך איבערגעגנוג און האָבן גערודערט די בלויע גלעט מיט זייער פריילעכן פּאַטשערײַ. נאָר אָט האָבן אױפן ברעג א קלאַפּ געטון די העק, האָבן א זינג געטון די זעגן און גלײַך ווי פון דער ערד ארויס זײַנען אויסגעוואַקסן ברייטע הײַזער, מיט הויכע ציגלנע פאַבריק־קוימענס. פון די פאַבריקן האָט מען דורכגעפירט צום טײַך אונטערערדישע רערן.

אינגיכנ האָט פונ די שטײנערנע הויכע גאָרגלענ אָנגעהויבנ זעצנ א רויכ. דער ווינט האָט אימ צעטראָגנ אינ די זײַטנ, דער רויכ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט, אונ א געדיכטע סאַזשע האָט זיכ געזעצט אפ די שיטערע הײַזער, אפ די צעטראָטענע פארטריקנטע גראָזנ.

קאיאָר האָבנ צו דער פאבריק געשטראָמט פונ אלע זײַטנ מענטשנ אינ צעריסענע קאצאווייקעס אונ אנ אײַנגעהויקערטער האמינ האָט זיכ ארײַנגעגאָסנ אינ די צעעפנטע טויערנ. א גאנצע טאָג איז אינ פאבריק געווענ אנ אומרויִקער ראַש. איינדערפרי אונ באטאָג האָט א שארפער הודאָק פונ דער דאמפמאשינ געשראָקנ די אומגעגנט. אונ דורכ די אונטערערדישע רערנ איז גערונענ אינעמ שמאָלינקנ אוווּאָד אָפּגעארבעטע פליסיקײַט. די ערשטע צײַט איז עס געווענ א קאלאמוטנע פליסיקײַט מיט א געלער שוימ פונויבנ. שפעטער האָט פונ די פילצאָליקע רערנ, וואָס מ׳האָט דורכגעפירט לעבנ דער פאבריק, א ריִנ געטונ אויכ שווארצע אונ עטוואָס פיִאָלעטע פליסיקײַט. ביט קײנ אָנגענעמענער רייעכ איז געגאנ פונ דערדאָזיקער פליסיקײַט. פיש זײַנענ געפייגערט, פייגל, וואָס האָבנ פליִענדיק געכאפּט די פיש, זײַנענ געשטאָרבנ. דער אוווּאָד האָט זיכ באַדעקט מיט פעטע העל־פיִאָלעטע, גרינבלעכע קרײַזנ.

„נאפט!” האָבנ זיכ געזאָרגט די פישערס. דער פישפאנג איז געגאנגענ שלעכט: די פאבריק האָט אומגעבראכט די פיש.

אונ טאקע — די פיש זײַנענ פארשוווּנדנ, גלײַכ ווי די וואסער וואָלט אויסגעטריקנט געוואָרנ. בלויז נאפט דער איז געלעגנ אינ געדיכטע פעטע שיכטנ...

איינמאָל זײַנענ די איוואנאָווער ווערבערס שרעקלעכ צערודערטע ארויסגעגאנ צומ ברעג אוווּאָד. די געשעעניש איז

געווען אַן אומגעוויינלעכע... דער טײַך האָט געבּרענט.

צי האָט עמעצער אונטערגעצונדן דעם טײַך פון ייִעש און פון בײַזקײַט? צי דער נאַפט אַליין האָט זיך אָפּן טײַך אָנגע־צונדן? קיינער האָט ניט געוווּסט. אָבער אַף לאַנג איז פאַר־בּליבּן בּאַ די איוואַנאָוואָער וועבּערס אין זיקאָרן, אַז דער אַוואָד — דער שמאָלער בּלויער טײַך — האָט געבּרענט.

פון דער סריפּע זײַנען די בּאַלעבּאַטים פונדעסטוועגן בּאַ זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. ווי פריִער, האָט זובקאָווס פאַבּריק גע־טריבּן דורך די שטיינערנע קוימענס די איפּעשדיקע פּליסיקײַט אינעם אויסגעטריקנטן אַוואָד. די וואַסער איז געווען פאַר־סאַמט. פאַרסאַמט איז אויך געווען די לופט ווײַט אַרום און אַרום. מ׳האָט בּאַדאַרפט אָפּפירן די שטיינערנע טרויבּן פונעם טײַך, מ׳האָט בּאַדאַרפט דעם טײַך פון די אומריינקײַטן אָפּריי־ניקן, אים טיפער מאַכן — געבּן פאַר איוואַנאָוואָ קלאָרע פרישע וואַסער. אָבער דאָס האָט אָנגערירט דעם פאַבּריקאַנטס קעשע־נע. דער פאַבּריקאַנט האָט ניט געוואָלט געבּן דערוף קיין געלט.

לאַנג האָט דער אַוואָד געפּוילט. אַף זײַן בּרעג האָט געררוי־כערט, ציטערנדיק פון מאַשינען־רויש, זובקאָווס פאַבּריק. די בּלייך־פּנעמדיקע וועבּערס, וואָס האָבּן געאָטעמט מיטן איפּעש, געהונגערט, האָבּן בּעסאָד אָנגעמערקט אַ וועג, וואָס האָט געפירט צו אַן אַנדער... פרײַ אַרבּעטער־לעבּן.

## — טאַלקע — אַן אַרבּעטער־אוניווערסיטעט

דער אַוואָד האָט געהאַט אַ שוועסטער — די וואָרטשענדיקע טאַלקע. זי איז געפלאָסן הינטערן סאַמע וואַלד, וואָס איז געווען נאָענט צום „קעניגרײַך פון ציץ" — צו דעם פאַבּריק־דאָרף איוואַנאָוואָ.

בֿלויז א שמאָל בֿריקעלע איבֿער דער טאלקע האָט פארײ־ניקט איוואנאָוואָ מיטן סאָסנע־וואלד.

דאָ, אפ דער טאלקע, אין די טיפעניש פון וואלד האָבֿן זיך געזאמלט די טעקסטילער. ווען די באלעבאטים האָבֿן פאר־שטארקט דעם יאָך, האָבֿן שטארקער געשטיקט די טעקסטילער,— האָט זיך „דאָס קעניגרײַך פון ציץ" געענדערט. די ארבֿעטער איז גוט דערעגאנגען — פלעגן זײ ארויסגײן פון די פאבֿריק־טויערן מיט רויטע פאָנען, זינגען ארבֿעטער־לידער, קאמפ־לי־דער און פאָדערן בֿרויט און פרײַהײַט. די באלעבאטים און שאנדארן האָבֿן געדראָט די טעקסטילער מיט טיורמע און טויט. אָדער די איוואנאָוואָער ארבֿעטער האָבֿן ניט געהאט וואָס אָנצוּווערן.

צושטעלנדיק פאר די פאבֿריקאנטן, די ציץ־קעניגן, דאָס גוטס פון דער וועלט, האָבֿן זײ אלײן געהונגערט, און זײערע אויס־געהונגערטע קינדער זײַנען געגאן בעטלען...

בֿלויז אײן זאך איז געבֿליבֿן די איוואנאָוואָער וועבֿערס — קאמף.

בֿא דער וואָרטשענדיקער טאלקע, בֿאם ראנד פונעם נאָדל־וואלד, האָבֿן זיך געקליבֿן טויזנטער איוואנאָוואָער טעקסטילער. „קאמף! — האָבֿן זײ געזאָגט. — קײן אנדער וועג איז נישטאָ. זיגן אָדער שטארבֿן!"

דאָ איז אנטשטאנען דער ערשטער ראט פון ארבֿעטער־דעפּו־טאטן. דאָ איז מיט הײסע רעדעס ארויסגעטראָטן דונײַעוו, דער קעמפערישער איוואנאָוואָער טעקסטילער, דער באליבטער ארבֿע־טער — אָראטער. דער ארבֿעטער־פּאָעט אווענּיר נאָזדרין האָט דאָ געטראכט איבֿער זײַנע קעמפערישע לידער:

קעפּ ווי א יאם. און א מורמל א בײזער.
דראָט פון טריבונע א שטים.

פלאטערן פאָנען — א רויטע, א שווארצע,
דאָס זײַנען ועגלען בא אים.

א שווארצע — אפ העלדן, וואָס זײַנען געפאלן,
אן אופשריפס, וואָס רופט צו נעקאָמע.
די רויטע פאָן שרײַט: מירן בייזע טיראנען
די נויט און דעם הונגער דערמאָנען.

אין יאם צווישן קעפ, ווי די ווײַסינקע מעוועס,
פרויִשע טיכלעך זיך ווײַסן,
דאָס זײַנען אונדזערע פרויען געקומען
אונדז העלפן די קייטן צערײַסן.

דאָס איז א שטארקע, א מעכטיקע קראפט,
פײַער און צאָרן און קריג.
ער וועט אפ צופרידענע האסטיק א פלייץ טון,
צעשווענקען דעם ברעג פונעם גליק.

דאָ איז אומגעקומען „דער פאָטער [1]“, דער אומדערמידלעכער באָלשעוויק און דערפארענער אונטערערדניק. דאָ איז אויך ארויסגעטראָטן דער יונגער „ארסעני“ — פרונזע, וואָס האָט גערופן די טעקסטילער צום אנטשיידענעם קאמף...

די טאַלקע געדענקט די פינצטערע טעג. אין יוני 1905 האָבן געשטרײַקט די איוואנאָוואער. דער גובערנאטער האָט שטרענג פארבאָטן די שטרײַקער צו מאכן פארזאמלונגען, אָבער די טעקסטילער האָבן זיך דרייסט געזאמלט אפן ברעג טאלקע, וואָס איז געוואָרן „א פרײַער ארבעטער־אוניווערסיטעט“. דעם 3 יוני זײַנען די ארבעטער, ווי שטענדיק אין די טעג פון שטרײַק, געקומען אפן זאמל־פלאץ. ס׳האָבן זיי דאָ באגעגנט קאזאקישע פאט־

[1] פיאָדאָר אפאנאסיעוו, אן ארבעטער־רעוואָליוציאָנער: אין 1905, אין דער צײַט פון א דעמאָנסטראציע, געהארגעט געוואָרן פון א באנדע שווארצמייעניקעס און קאזאקן. זײַן פארטייִשער צונאָמען איז געווען „דער פאָטער“.

דולן, וואָס זײַנען ארומגעפּאָרן איבער דער וואלד־לאַנקע און צעטריבן די ארבעטער. די טעקסטילער האָבן באַטראַכט, וואָס זיי האָבן ווײַטער צו טון. די „ארבעטער־דעפּוטאַטן" האָבן אָנגע־שריבן א פּאַפּיר מיט א פּראָטעסט קעגן דעם פאַרבאָט פון פאַרזאַמ־לונגען און האָבן אָפּגעשיקט צום פּאָליצמייסטער. ס׳איז אוועק אַקעגן א האַלבער שעה. ארבעטער זײַנען אלץ צוגעקומען, אין געדיכטע האַמויִנים האָבן זיך געקליבן אויפן זאַמל־פּלאַץ.

די שטימונג איז געווען זייער א פרידלעכע. קיינער האָט קיין שום בייז ניט דערוואַרט, די שטרײַקערס האָבן זיך גאַנץ גוטמוטיק געוועטלט מיט די קאָזאַקן, וואָס האָבן געשריגן און געפּאָדערט, מע זאָל זיך צעגיין...

פּלוצים האָט זיך אויפן רוקן פונעם אײַזנבאַן־אָנשיט באַוויזן א גרויסע מאַכנע אַסטראַכאַנער קאָזאַקן אונטערן פּאָליצמייסטערס קאָמאַנדע. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך פון דער צווייטער זײַט וואַלד צעשאָטן א קייט דאָנער קאָזאַקן, וואָס זײַנען ערשט ניט לאַנג געקומען אין שטאָט אַרײַן. אָן קיין שום וואָרע־נונג, לויט דער קאָמאַנדע פונעם פּאָליצמייסטער, האָבן זיך די קאָזאַקן מיט א געשריי א וואָרף געטון אין אַטאַקע אויף די פרידלעכע ארבעטער.

די קאָזאַקן האָבן זיך אַרײַנגעשניטן אינעם האַמוין, ווו ס׳איז געווען אַסאַך פרויען און קינדער, האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די ארבעטער מיט נאַהײַקעס און מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, האָבן געהאַקט מיט די שווערדן, געטראָטן מיט די פערד, געשאָסן...

די ארבעטער האָבן זיך א לאָז געטון אַנטלויפן, אָבער וווהין צו לויפן איז ניט געווען: פון דער שטאָט האָט זיך גערוקט א שיקערע קאָזאַקישע מייע, פונעם וואַלד האָבן זיך צעשאָטן אין א קייט די דאָנער קאָזאַקן.

פונעם הויכן בּרעג האָבּן זיך מענטשן פאַר שרעק געוואָרפן אין טײַכל טאַלקע, זײַנען געזונקען אין אירע שלײמיקע גראָ־זיקע בּרעג. אָבּער די קאַזאַקן האָבּן אָנגעיאָגט די אַנטלויפנדיקע און געטרונקענע זײ אין טײַכל, פאַרטרעטנדיק מיט די פערדישע טלאָען. אָט האָבּן די קאַזאַקן פאַריאָגט אַ גרופּע אַרבּעטער אין טײַך, זײ פּאַסעווען אַן אַרבּעטער אַ זאָקן; מיט די בּײנערדיקע הענט אויפגעהויבּן אינדערהײך, בּאַמיט ער זיך אומזיסט צו פאַרשטעלן זײַן פּאָנעם און פּלײצע פון די קלעפּ... אָבּער די פּלײצע זײַנע איז שוין אינגאַנצן פאַרגאָסן מיט בּלוט, און די הענט זײַנען אַזויװוי איבּערגעוויקלט מיט רויטע שטריק...

אָט לויפט אויפן הויכן אײַזנבּאַן־אָנשיט אַ יונגע אַרבּעטערן אַ מײדל, וואָס איז גערירט פון שרעק; זי איז קױמאַט נאַקעט, איר ווײַס קלײד האָבּן די נאַהײַקעס צעריסן אויף סטענגעס און שטיקער, איבּערן פּאָנעם און איבּער די הענט טריפט בּלוט...

אָט פּרוּווט אַ בּינטל דרײסטע אַרבּעטער אָפּשטעלן די צעיושעטע קאַזאַקן, שרײַענדיק:

— פרײַנט! כוואַרים! בּרידער! וואָס טוט איר?! בּאַדענקט זיך — מיר זײַנען דאָך אײַערע בּרידער, אײַערע שוועסטער... בּאַדענקט זיך! אָבּער אַנשטאָט אַן ענטפער — אַ זאַלפּ פון בּיקסן [1]).

קײנמאָל וועט עס די טאַלקע ניט פאַרגעסן. אין יענע פּ״נ־צטערע טעג האָבּן זיך טויזנטער אַרבּעטער אויף דער טאַלקע אויסגעלערנט די גרעסטע וויסנשאַפט — רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די טאַלקע איז געוואָרן דער ערשטער אוניווערסיטעט פון דער רעוואָלוציע און דאָס וויגעלע פון ראַטן.

[1]) И. Волков. Царство ситца, Иваново-Вознесенск, 1925, 157 стр

אָבער די טאַלקע געדענקט אויך ליכטיקע טעג. אין 1917 יאָר זײַנען אַפ די ברעגן פון דער פאַרענדערטער טאַלקע געקומען האַמיגים אַרבעטער. די טאַלקע האָט געהערט הויכע לידער, נײַע רירנדיקע לידער. דערוואַקסענע מענטשן, גרײַזע זקיינים האָבן זיך געפרייט, ווי קינדער. אַפן ברעג טײַך, אַפ דעמזעלבן אָרט, וווּ די שיקערע קאַזאַקן האָבן אַמאָל געהאַקט די אַרבעטער, האָבן זיך געזאַמלט פריידיקע מענטשן. אָראַטאָרס אויפגעהויבענע אַפ שטאַרקע הענט, מיט רויטע באַנטן אין די שלייפן, האָבן געהאַלטן רעדעס. א רויטע פאָן האָט געפלאַטערט הויך איבער די אַרבעטערס קעפּ. „זיג! זיג!“ האָבן פריידיק גע־שריגן די מענטשן. — „זיג!“ די לעקציעס, וואָס די טעקסטילער האָבן באַקומען אינעם אוניווערסיטעט אַפ דער טאַלקע, זײַנען ניט פאַרלוירן געגאַנגען: ניט געוואָרן קיין קייסער און קיין באַלעבאַטים. די איוואַנאָווער האָבן מיט פולע ברוסטן, מיט קעמפערישע קרעפטיקע שטימען געזונגען:

דער אַרבעט־מאַן וועט זײַן מעמשאָלע
פאַרשפּרייטן אַפ דער גאַנצער ערד,
און פאַראַזיטן אַ מאַפּאָלע
באַקומען וועלן פון זײַן שווערד.

אינגיכן זײַנען פונדעסטוועגן אָנגעקומען אומרויִקע טעג. אַפן לאַנד האָבן אָנגעגרײַפט סאָנים. די רעפּובליק האָט זיך גענייטיקט אין הילף. אַרבעטער האָבן פון פאַרשיידענע עקן באַנײַטן לאַנד געפּילט קיין מאָסקווע, אַפ צאָפן, אַפ מײַרעוו, אַפ מיזרעך. אַפ מיזרעך האָט מיט אַ מאַכנע רויטגוואַרדייער אָנגעפירט פרונזע, דער אַלטער שויער און איוואַנאָווער אונ־טערערדניק. אים צו הילף האָבן געפּילט די איוואַנאָווער. מיט ביקסן אַפ רימענס, מיט אָנגעכמורעטע, האַרטע פּנעמער זײַנען די

טעקסטילער געקומענ אפ דער טאלקע. דאָ איז אָבער קיינ לאנגע רעדעס ניט געווענ. אפ די פאָנענ איז געווענ אויסגענייט מיט גאָלד:

איוואנאָווער! אונטער די שלאכט-פאָנענ פונעמ כאווער פרונזע!

אונ אז ס׳האָבנ אָפגערוישט די געשלעגנ, אונ דאָס לאנד איז צוגעטראָטנ צו פרידלעכער מי, האָט די טאלקע ווידער-אמאָל דערזענ די ארבעטער. זיי זײַנענ געקומענ אינ שיטערנ וואלד אָנ ביקסנ, אָנ לידער אונ אָנ ראש. לאנג זײַנענ זיי געגאנגענ היגטערנ וואלד, האָבנ געמאָסטנ די-ערד אונ אָנגעשטרענגט געטראכט. אפ א ריזיקנ פלאצ האָט מענ צעשטעלט קאָלירטע שטאנגענ, מיט דרייסטע ליניעס האָט מענ אָנגעמערקט א פלאנ פונ גרויסער בויונג. דאָ, אפנ אָרט פונ די גרויסע געשעענישנ, האָבנ די ארבעטער — באלעבאטימ באשלאָסנ אויסצובויענ א נײַע פאבריק.

דאָס אלטע דאָרפ איוואנאָוואָ האָט געקענט בלויז אלטע צעשאָקלטע פאבריקנ מיט שמאָלינקע פענצטער. ניט געווענ קיינ שײַנ אונ קיינ לופט אינ דידאָזיקע אמאָליקע געבײַען. אפ דער טאלקע האָט מענ באשטימט אויסצובויענ א נײַע סאָוועטישע פאבריק, א פאבריק פונ גלאָז אונ בעטאָנ, מיט גראָמע אונ ציכטיקע ליכטיקע קאָרפוסנ. אונ מע האָט די פאבריק אויסגעבויט. די טאלקע האָט געזענ קינדערשע פרייד אפ די פענעמער יענעמ טאָג, ווענ דער דירעקטער — אנ ארבעטער האָט פײַערלעכ געזאָגט דעמ אופגערודערטנ האמוינ: „הײַנט

האָט זיך די בװינג געענדיקט...״ און בעשאס מ׳האָט אָנגעהויבן צו קלערן, וואָס פאר א נאָמען מע זאָל געבן דער נייער פאבריק, וועלכע מ׳האָט אויסגעבויט מיטן ווילן פון די ארבעטער, וואָס האָבן געזיגט, איז ניט געווען ניט קיין לאנגע טײַנעס, ניט קיין צווייפל. די נײַע פאבריק האָט מען אויסגעבויט אפן בֿרעג טאלקע. די טאלקע איז געווען אן ארבעטער־אוניווערסי־טעט, אפ דער טאלקע איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער ראט פון די ארבעטער־דעפוטאטן. די טאלקע האָט פארדינט א דאנק בא די טעקסטילער.

און די פאבריק, וואָס מ׳האָט אויסגעבויט מיטן ווילן פון די ארבעטער, האָט מען אָנגערופן — „רויטע טאלקע״.

---

קאפיטל וו

# די טעקסטיל-ארבעטערן פעטראָוונא און מענטשן אין אויסלענדישע קאָסטיומען.

די ארבעט אפ דער פאבריק האָט זיך פארענדיקט מיט א שאָ פריִער. די שפּינערנס מיט די רויטע טיכלעך האָבן זיך גרופּעס־ווײַז אראָפּגעלאָזט אפ די טרעפּ אין ערשטן שטאָק. באַם ארײַנגאנג אין פאבקאָם איז שוין געשטאנען א גרופּע ארבעטערנס און האָט גערעדט וועגן דער פאָרשטייענדיקער פאר־זאמלונג. די יונגע ארבעטערנס האָבן געזונגען פרײלעכע לידער. סע זײַנען געווען צווישן די יונגע אויך באיאָרטע ארבעטערנס. זיי האָט מען גערופן אין א שפּאס: „אונדזערע אייגענע ספּעצן". עמעס, באיאָרטע ארבעטערנס איז געווען ניט קיין סאך — אפ די נײַע פאבריקן איז אומעטום געווען די מערהײַט יוגנט. מע האָט אפילע גערעדט, אז די נײַע איוואנאָווער פאבריקן וועלן זײַן „יוגנטלעכע פאבריקן". די עטלעכע ארבעטערנס, וואָס האָבן גוט פארשטאנען זייער אייגענע ווערט, פלעגן בא אזוינע שמועסן שפּאסן: ווי־זשע דעמאָלט אונדז ... איר וועט אונדז אויספּוצן און ארויסשמיצן?!" די יונגע האָבן געײַלט צו בארויִקן זיי: „צוליב וואָס גאָר ארויסשמיצן? מירן אײַך אויסלערנען ארבעטן אפן נײַעם שטייגער, וועט איר ייִנגער ווערן".

פונעם באַראַטונג־זאַל האָט זיך דערהערט א שאַרפער קלונג. דאָס האָט געקלונגען דער פאָרזיצער פון פאַבקאָם. אַפּ הײַנט האָט מען באַשטימט א דרינגענדע פראָדוציר־באַראַטונג.

אַז די אַרבעטערנס האָבן זיך אויסגעזעצט באַם טיש און לעבן די ווענט, האָט דער פאָרזיצער געזאָגט:

— די פראָדוציר־באַראַטונג דערקלער איך פאַר אָפן. אַפן טאָג־סײדער איז דאָ נאָר אײן פראַגע: וועגן די סיבעס דערפון, וואָס ס׳ע פאַרגרעסערט זיך דער בראַק, און וויאַזוי צו קעמפן מיט אים. מער איז ניטאָ קײנשום פראַגעס?..

אײנע א באַיאָרטע אַרבעטערן האָט קווענקלענדיק אויפגע־הויבן די האַנט.

— וואָס ווילסטו זאָגן, פּעטראָוונאַ? — האָט זיך דער פאָר־זיצער אויסגעקערעוועט צו איר.

— א פראַגע האָב איך, כאַווער נעפעדאָוו.

— זאָג, פּעטראָוונאַ, וואָס פאַר א פראַגע, נאָר זאָג גיכער, שוין צײַט אָנצוהײבן.

די אַרבעטערן האָט זיך אַביסל פאַרלוירן.

— איך ווײס אפילע ניט, וויאַזוי אָנצוהײבן... די פראַגע, קומט אויס, איז אַזויווי א פּערזענלעכע... וועגן א פּערזענלעכער באַלײדיקונג האָב איך א פראַגע. באַלײדיקט האָט מען מיך אַנומלטן...

דער פאָרזיצער האָט ניט־אַנטשלאָסן זיך אָנגערופן:

— וועגן א פּערזענלעכער באַלײדיקונג איז עפּשער ניט קעדײַ צו רײדן דאָ... עפּשער אין דער קאָנפליקט־קאָמיסיע?

— נײן, נײן, — האָט אײַדערגיך א זאָג געטון די אַרבע־טערן. — די דאָזיקע באַלײדיקונג איז אי א פּערזענלעכע, אי א פראָ־דוצירישע... מע קאָן גלײַך זאָגן, אַז דאָס איז א פּערזענלעכע

פראָדוציר־באַליידיקונג... איך וועל צוּוואַרטן א ווײַלע, און אין די לויפנדע פּראָגעס וועל איך בעטן, מע זאָל מיך אויסהערן...

דערמיט איז דער פאָרזיצער מאַסקים געווען. די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן.

דער ארויסגערוקטער טעכנאָרוק (טעכנישער אָנפירער) האָט אָפּגעגעבן א באַריכט וועגן דער ניט־דערלאָזבאַרער פארגרע־סערונג פון בראַק אין איין אָפּטיילונג. די ציפערן זײַנען געווען ניט קיין פריילעכע. פאַרביקע פאַסיקלעך אף די דיאַגראַמעס האָבן געוויזן, וויפל בראַקירטע שפּינעכצ סע מאַכט פאַר א טאָג, פאַר א פינפטאָג, פאַר א דעקאַדע אזא און אזא אָפּטיילונג. דער טעכנאָרוק האָט קיין איינמאָל ניט אָנגערופן קיין איין פאַמיליע; ער האָט אָנגערופן בלויז ציפערן, ער האָט געוויזן נאָר קאָלירטע פאַסיקלעך, וואָס ווערן אלץ גרעסער... דאָך האָבן זיך אסאך פּנעמער פאַרויטלט. ענדיקנדיק זײַן באַריכט, האָט דער ארויסגערוקטער טעכנאָרוק געזאָגט:

— אין א נײַער פאַבריק — בא נײַע מאַשינעס, בא א נײַער אָרדענונג און בא נײַע מענטשן — קאָן ניט, טאָר ניט זײַן די אַלטע באַציִונג צו דער אַרבעט. בא די פאַבריקאַנטן איז דעם אַרבעטער געווען אלציינס, וויאַזוי סע גייט די פּראָדוקציע. אצינד זײַנען די אַרבעטער אליין באַלעבאַטים, זיי זײַנען בלוטיק פאַרינטערעסירט צו הייבן די פּראָדוקציע, הייסט עס, דער בראַק איז א שאַנד פאַר אונדזער פאַבריק, און מיר קאָנען עס ניט דערלאָזן!

דער רעדנער האָט זיך אנידערגעזעצט. די שפּינערנס זײַנען געוואָרן אופגערודערט, און מיטאמאָל האָבן אלע אָנגעהויבן רעדן. אין דער צײַט האָט זיך די טיר שטילינקערהייט געעפנט, און אין זאַל זײַנען ארײַנגעגאַנגען צוויי פרויען און דרײַ מענער

אינ אויסלענדישע קליידער. ארײַנגעגאנ, געמאכט עטלעכע טריט אפנ אָרט אונ זיכ דערנאָכ אוועקגעזעצט אינ א ווינקל, אפ פרײַע בענקלעכ.

אײנער פונ די מענער האָט אלע מינוט עפעס געשושקעט צו די ארײַנגעקומענע, אונ זיי האָבנ פארשריבנ אינ בלאָקנאָטנ.

אונ די שפינערנס האָבנ גערעדט. פריִער האָט מענ איבערגעשלאָגנ אײנס כ׳אנדערע, אָבער דערנאָכ האָט מענ זיכ אביסל בארויִקט אונ אָנגעהויבנ רעדנ אינ א ריי.

— אינעמ בראק זײַנענ מיר ניט שולדיק,— האָט הויכ, פאָכענדיק מיט די הענט, גערעדט א באיאָרטע ארבעטערנ.— צי דענ קאָנענ מיר ניט אונדזער ארבעט! אָט שטיי איכ שוינ דאָס וויפלטע יאָר בא די באנקאבראָשנ אונ יעדער פאָדעמ כאפ איכ אינדערלופטנ, ווענ ער רײַסט זיכ אָפ... אונ רײַסנ רײַסט זיכ דער פאָדעמ, ער רײַסט זיכ, אָפטלעכ רײַסט ער זיכ... אָט דאָ איז דער הונט באגראָבנ, כאָווער נעפעדאָוו: דער פאָדעמ רײַסט זיכ...

א יונגע שפינערנ האָט אויכ אָנגעהויבנ דערפונ, אז זי, די יונגע, איז ניט שולדיק.

— מיר, כאָטש מיר זײַנענ יונג,— האָט זי געזאָגט אונ א פאָכע געטונ מיט דער האנט אפ די קאָמיוגיסטקעס, וואָס זײַנענ געזעסנ אינ רויטע טײַכעלעכ,— אָבער אינ אונדזער ארבעט זײַנענ מיר געניט, ווי סע באדארפ צו זײַנ. וואָרסטעטניצעס זײַנענ מיר יונגע, אָבער ניט קײנ שלעכטע. ארופלײגנ אפ אונדז ניט געפלויגענישנ טאָר מענ ניט. אונ בראק איז פונדעסטוועגנ פאראנ, ניט קײנ סאכ, עמעס,— סטארענ סטארענ מיר זיכ, אונ פונדעסטוועגנ-איז פאראנענ... קאָנ זײַנ, פונ די נײַע וואָרסטעטנ, אונ קאָנ זײַנ, פונ עפעס אנדערש...

זי האָט אָבער נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן, ווי ס'האָט זי איבערגעשלאָגן אַן אַנדערע, אַ ברייטפּלייציקע באַנקאַבראָשערן מיט קנייטשן אויפן פּאָנעם.

— נו, דאָס האָסטו שוין, מײַן טײַערע, איבערגעבאַפּט. קיין ניט געפלויגענישן דאַרף מען אויף דיר ניט אַרופלייגן — אַן אָר־בעטערין ביסטו אַ גוטע, אָבער די נײַע וואָרסטעטן דאַרף מען אויך ניט באַליידיקן. אָט אַרבעט איך שוין דאָס דריטע צענדליק... געאַרבעט פריִער אויף ענגלשע, און איצטער אַרבעט איך אויף סאָ־וועטישע, אויף טולער באַנקאַבראָשן... און דעם עמעס וועל איך זאָגן: גוטע זײַנען זיי, די טולער באַנקאַבראָשן, און ניט ערגער פון די ענגלשע. קיין איין בראַך, קיין איינמאָל איז גאָרניט קאַליע געוואָרן פאַר אָנדערהאַלבן יאָר... ניין, די מאַשין איז ניט שולדיק. די סאָוועטישע מאַשין גלאַט אין דער וועלט אַרײַן באַליידיקן טויג ניט...

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט אין דער קריג דער פאָרזיצער אַליין.

— וואָס־זשע הייסט עס? — האָט ער צענומען די הענט

— די אַרבעטערנס זײַנען ניט שולדיק — מאַסקים. ווער־זשע איז שולדיק, אויב אַזוי? פאַרוואָס־זשע פאַרגרעסערט זיך דער בראַק?

— דערלויבט, וועל איך זאָגן! — האָט אויסגעשריגן אַן אָר־בעטערין מיט אַ גאָלדן בינטל האָר, וואָס האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פון אונטער אַ שוואַרץ טיכל מיט רויטע אַרבעסלעך.

און ניט געוואַרט אויף קיין דערלויבעניש, האָט זי פלינק־לע־בעדיק אָנגעהויבן רעדן:

— ניטאָ דאָ וואָס צו לאַכן, אַז ניט מיר, ניט די מאַשינעס זײַנען ניט שולדיק. אָט אַזוי איז עס טאַקע אינדערעמען: ניט שולדיק, און בראַק איז פאַראַנען. און פאַרוואָס איז עס? דער־

פאר, וואָס דער בוימוואָל איז ניט קיין פויגלדיקער. וויאַזוי דו זאָלסט אים ניט שפּינען, האַלט ער זיך אין איין רײַסן. איין אַרבעט האָסטו — שטעל אָפּ די מאַשין און דריי צונויף דעם פאָ-דעם... קעמפן מיטן בראַק דאַרף מען, — האָט פאַרענדיקט די גאָלדהאָריקע שפּינערן. — אָבער דעם קאַמף דאַרף מען ניט פון דעם עק אָנהייבן.

פון די בענק, וווּ עס זײַנען געזעסן די יונגע שפּינערנס מיט רויטע טיכלעך, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַן אומגעדולדיקע שטים:

— כאַוואַר נעפעדאָוו, מיר טראָגן אַרײַן אַ פאָרשלאַג!

דער פאָרזיצער האָט אַזויווי נאָר אָפּ דעם געוואָרט. ער האָט זיך פלינק אַ קערעווע געטון אין דער זײַט פון די קאָמ־יוגיסטקעס:

— אָט אַזוי, אַזוי, די פראַגע איז קלאָר, טראָגט אַרײַן פאָר־שלאָגן!

— מיר לייגן פאָר — האָט הויך געזאָגט איינע פון די קאָמ־יוגיסטקעס — שליסן אַן אָפּמאַך פון סאָצגעוועט צווישן אונ־דזער פאַבריק מיט די אוזבעקער דעקכאַנער — דאָס איז דאָס ערשטע. דאָס צווייטע — אָרגאַניזירן שלאָג־בריגאַדעס, וואָס פאַר־פליכטן זיך צו העכערן די קוואַליטעט פונעם שפּינעכץ. אונדזער גרופּע פון 16 מענטשן דערקלערט זיך פון הײַנטיקן טאָג אָן פאַר אַ שלאָגלערישער און רופט אַרויס אַנדערע שפּינערנס נאָכצופאָלגן אונדזער בײַשפּיל.

דערדאָזיקער פאָרשלאַג איז פאַר קיינעם ניט געווען קיין אומגעריכטער. ניט נאָר יונגע, נאָר אַפילו באַיאָרטע שפּינערנס האָבן דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. דאָ האָבן זיך טאַקע אָרגאַני־זירט נאָך דריי בריגאַדעס. אָפּ אויסצואַרבעטן אַן אָפּמאַך מיט

די אוזבעקער דעקכאנער האָט מען אויסגעקליבן א באזונדער קאָמיסיע. אינ זאל איז געוואָרנ אויסערגעוויינלעכ לעבעדיק. דער פאָרזיצער פונ פאבקאָמ האָט זיכ געהאלטנ־אינ איינ בעטנ בא אלעמענ, מע זאָל זיכ ניט היצנ, מע זאָל רעדנ מיט א סיידער. אונ אז מע האָט אלע פאָרשלאגנ פארפיקסירט אינ פראָטאָקאָל אונ מע האָט באשטימט די טערמינענ, ביז ווענ ייי אויסצופילנ, האָט דער פאָרזיצער געוואָלט מעלדנ, אז די בארראטונג איז געשלאָסנ. אז ער האָט אָבער א קוק געטונ אפנ טאָג־סיידער, האָט ער זיכ דערמאנט אינ פעטראָוונענ, וועגנ איר בערזענלעכער באליידיקונג, אונ ער האָט איר געגעבנ א וואָרט.

— אָבער דו, פעטראָוונא, מאכ עס, אזוי צו זאָגנ... בעקיצער. שוינ שפעט.

— מיילע, וויאזוי איכ קאָנ, אזוי וועל איכ זאָגנ,— איז פעטראָוונא אופגעשטאנענ אונ איז צוגעגאנ צומ טיש מיטנ רויטנ געוואנט,— שיינ דארשענענ־בינ איכ קיינ בעריע ניט, אונ וויאזוי איכ'ל זאָגנ, וועל איכ שוינ זאָגנ...

מע האָט זי אויסגעהערט מיט גרויס אופמערקזאמקייט אונ נייגעריק.

— איכ וויל זאָגנ אָט פונ וועגנ וואָס,— איז די שפינערנ בא זיכ ניט אראָפגעפאלנ. — וויפל יאָר מיר האָבנ בא זובקאָוונ געארבעט, וויפל באליידיקונגענ מיר האָבנ זיכ פונ אימ אָנגעליטנ—געדענקענ מיר עס אלע גוט. וואָס איז דאָ צו רעדנ, אלע האָבנ געהאט דאָס אָפקומעניש בא זובקאָוונ — אי די מאנצבלענ אי די ווייבער. אָבער שווערער פונ אלצ איז געווענ אונדז, ווייבער. אונדז האָט מענ אי ווייניקער געצאָלט, אי ארבעטנ איז אונדז שווערער געווענ, אונ א ווערט האָבנ מיר געהאט אזויווי דריי מאָל גאָרניט. מיט איינ וואָרט—ווייבער. וואָס

קאָנסטו פון אונדז האָבן! א וויַבל איז אזויווי גאָר קיין מענטש ניט, און אגעוו, אויב איר ווילט וויסן איז פון א וויַבל, הענגט אָפּ דאָס גאנצע לעבן...

דער פּאָרזיצער האָט ניט קיין צופרידענער זיך צוגערירט צום גלעקל.

— עפשער וואָלסטו, פעטראָוונא, נעענטער צום איניען...

— איך בין שוין אזוי אויך נאָענט, דו לאָז נאָר אויסריידן... אָט, הייסט עס, מיר, וויַבער, האָבן א ווערט געהאט ווי דריַי מאָל גאָרניט. איבער אונדז, וויַבער, האָט מען קעסיידער גע־שטעלט פאר א מיַסטער א מאנצבל. נו, באַם פריִערדיקן באַ־לעבאָס איז אומעטום דעם באלעבאָס ווילן געווען. אָבער אָט־איצטער וואָס? אָט־איצטער־אָ, איז שוין־זשע ווען פאר אונדז, וויַבער, קיין קאפעלע אָפשיַ ניט זיַן? אָט לאָמיר נעמען כאָ־טשבי אונדזער אָפּטיילונג. איר ווייסט: איך בין מער פון אלע־מען באַ די באנקאבראָשן געשטאנען. מיר, אָט זאָגט מען, קליַבט מען זיך שריַיבן א לויב־בריוו פאר מיַן לאנגער ארבעט. און אָט, אז מע האָט א ניַעם מיַסטער באדארפט שטעלן, האָט מען אין מיר פאַרגעסן. פאר א ניַעם מיַסטער האָט מען דעם אָנ־וואָנצעדיקן סליאָטאָוון אוועקגעשטעלט... און פארוואָס איז עס? דערפאר וואָס ער איז א מאנצבל. אָבער אניט ווייסט ער דען אין דער פּראָדוקציע מערער פון מיר? איך, מיַנע טיַערינקע, רעד ניט דערפאר, וואָס מיר האָט זיך שטארק פארגלוסט צו זיַן א מיַסטער. איך בין מיט מיַן ארבעט צופרידן. ניט מער, איך רעד צוליב דערוף, וואָס די באליידיקונג מיַנע איז ניט קיין פערזענלעכע, נאָר א פּראָדוצירישע. די פּראָדוקציע קאָן דערפון מערער געווינען, ווען א פארדינסטפולע ארבעטערן וועט זיַן א מיַסטער. מיר איז ניט פאר זיך, נאָר פאר דער

פראָדוקציע איז מיר א פארדראָס. ס'איז דען נישט קיין פארדראָס, וואָס א שנעק, נאָר־וואָס פון דער שול ארויס, וועט מיר, אן אלטע ארבעטערן באנקאבראָשערן, לערנען פראָדוקציע! טײַערינקע מײַנע, מיר דארפן דאָ זאָגן אָפן, שוין צײַט אז אויך מיר, ווײַבער, זאָלן אָנהייבן ווערן מײַסטערס.

פעטראָווונא, קאָן זײַן, וואָלט נאָך גערעדט, נאָר אומגעריכט פאר איר האָט מען פון אלע זײַטן אָנגעהויבן פּליעסקען. זי האָט זיך פארלוירן, האָט פארדריסלעך א פאָכע געטון מיט דער האנט און האָט זיך אנידערגעזעצט אף איר אָרט. דער פאָרזיצער האָט שמייכלענדיק געטאפּט דאָס בלישטשענדיקע גלעקל. אז ס'איז שטיל געוואָרן, האָט ער גוטמוטיק געזאָגט:

— איך מיין, אז קיינער פון אונדז האָט ניט געוואָלט באליידיקן פעטראָווונען, דעסגלײַכן קאָן קיינער אפילע ניט קלערן וועגן באליידיקן פרויען ביכלאל. די ארבעטערן גייט בא אונדז האנט בא האנט מיטן ארבעטער. וואָס איז שײַעך, אז מע זאָל ארבעטערנס ארויסרוקן פאר מײַסטערס, איז עס זייער א גוטער געדאנק. אדאנק, פעטראָווונא, וואָס דו האָסט דאָ וועגן דעם געזאָגט. מיר וועלן עס דורכפירן, פעטראָווונא, אומבאדינגט וועלן מיר עס דורכפירן.

דערמיט האָט שוין דער פאָרזיצער געוואָלט סאָפקאָלסאָפּ שליסן די באראטונג. אָבער פונעם ווינקל זײַנען ארויסגעגאנגען די מענטשן מיט די אויסלענדישע קליידער און זײַנען צוגעגאנגען צום טיש.

— כאווײרים! מיר, אמעריקאנער שרײַבערס און פּראָפעסערס, זײַנען געקומען צו פאָרן אהער, קיין פסײַרר, א קוק טון וויאזוי די ארבעטער לעבן. אונדז האָט מען געזאָגט, אז אין זיוואנאָווע איז דאָ אסאך זייער אינטערעסאנטס, זײַנען מיר גע־

פאָרן אהער. היינט זיינען מיר געוועז איבערראשט. מיר האָבן געזען און געהערט, ווי די ארבעטער אליין, פּאָשעטע טעקסטיל־ארבעטערנס, באטראכטן זייערע אייגענע פּראָדוקציעס נויטן. מיר האָבן דערפילט, אז מיר זיינען אריינגעפאלן אין גאָר אן אנדער וועלט, וואָס די ארבעטער זיינען דאָרט ניט קיין קנעכט, נאָר באלעבאטים און אָרגאניזאטארס. מיר האָבן מיט גרויס אינטערעס געהערט, ווי איר האָט באהאנדלט די פראגע וועגן פארבעסערן די פּראָדוקציע.

איר קוקט אף אייער פאבריק, ווי אף אן אייגענער ווירטשאפט, — און דאָס הייסט, אז ניט נאָר וואָס איר וועט פארבעסערן אייער ווירטשאפט, נאָר איר וועט זי אופהייבן אף א גרעסערער הייך. מיר ווינטשן אייך אופריכטיק דערפאָלג. און אז מירן זיך אומקערן קיין אמעריקע, וועלן מיר דערציילן אונדזערע פריינט — די ארבעטער, אז די טעקסטילער פון פסרר, בויען מיט זייערע אייגענע הענט — אן באלעבאטים און אן א קייסער — א גרויסע טעקסטיל־אינדוסטריע!

דער אמעריקאנער רעדט שלעכט רוסיש, אָבער אלע האָבן אים פארשטאנען. אים האָט געענטפערט דער פּאָרזיצער פון פאבקאָם. אים האָבן געענטפערט שפינערנס — שלאָגלערנס! נאָר איין קאָמיוגיסטקע, וואָס האָט מוירע געהאַט, טאָמער וועלן די אמעריקאנער ניט פארשטיין די רוסישע ווערטער, האָט געזאָגט ;

— גענוג צו רעדן מיט ווערטער, כאווירים. ווייזט די אמעריקאנער אונדזער נייע פּראָדוקציע, אונדזערע נייע הייזער, אונדזערע יאסליעס, שולן, קלובן — און דאָס וועט זיין פארשטענדלעכער פון אלע אונדזערע ווערטער...

דערמיט זיינען אלע מאסקים געוועזן.

---

קאפיטל III

## „דזערזשינקע“ און „טאלקע“

דער אוואָד האָט אופגעלעבט. ווען די וועבערס, וואָס זײַנען אין די שטורעמדיקע יאָרן אומגעקומען, זאָלן זיך קאָנען אופכאפן, וואָלטן זיי דעם טײַך ניט דערקענט. עמעס, אפן ברעג אוואָד שטייט נאָך אלץ די אלטע פאבריק, די געוועזענע זובקאָוס פאבריק. אָבער גאָר ניט דאָס פריערדיקע לעבן פליסט אין די פאבריק־קאָרפוסן. די פאבריק איז געווען זובקאָוס, און געוואָרן איז זי א סאָוועטישע. די געבײַדע איז די אלטע, און די גערעדערים זײַנען נײַע, און ארבעטן ארבעט איצטער אויך די פאבריק אפ א נײַעם שטייגער. פריערדיקע צײַטן האָט די פאבריק געארבעט לויט די אָנווײַזונגען פונעם באלעבאָס. דער באלעבאָס האָט באפוילן אויסארבעטן מער, שטרעבנדיק נאָר דערצו, ער זאָל רײַכער ווערן. אזוי האָבן געטון אלע פאבריקאנטן. יעדערער האָט זיך גערעכנט נאָר מיט זיך, האָט זיך געסטארעט צו פארטשעפען, אונטערצושטעלן א פיסל דעם קאָנקורענט. די באלעבאטים האָבן זיך געקריגט, און פון די ארבעטער האָט מען געפרעסט די לעצטע זאפטן. אצינד גייט די ארבעט לויט א שטרענגן פלאן, וואָס מע ארבעט אים אויס ניט לויטן ווילן פון איין מענטשן, נאָר אין

צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס די ווירטשאפט פאָדערט. יעדער פאבריק האָט אנ אייגענעמ פלאנ, וואָס איז נאָר א טייל פונעמ אלגעמיינעמ פלאנ — דעמ פלאנ פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט.

אפ אזא אויפנ בינדט דער ווירטשאפטלעכער פלאנ צונויפ א פאבריק מיט א פאבריק, מיט טויזנטער פאבריקנ, וואָס ארבעטנ אינ פארשיידענע ווינקלענ פונעמ ראטנפארבאנד.

אפנ ברעג פונעמ באלעבטנ אוואָד איז פונ לאנג אָנ געשטאנענ א וועבער־פאבריק. ס׳איז שווארצ געוואָרנ דער קוימענ! אירער פונ דער סאזשע, ס׳האָבנ זיכ אויסגעקרומט די ווענט, סע זײַנענ צעפאָרנ געוואָרנ די ווארסטעטנ. מע האָט געמיינט, אז זי טויג שוינ אינגאנצנ ניט, אז מע דארפ זי אָפּווישנ. אָבער אויסגערעכנטע מענטשנ, מענטשנ פונ סאָוועטישנ איוואנאָוואָ, האָבנ באשלאָסנ אנדערש. זיי האָבנ באטראכט זובקאָווס אלטע פאבריק, האָבנ אויסגעגלײַכט די ווענט, האָבנ באנײַט די ווארסטעטנ אונ געצוווּנגענ די אלטע פאבריק צו ארבעטנ אפ די נײַע באלעבאטימ... אונ לעבנ איר האָט מענ אויסגעבויט א נײַע. אָט די נײַע פאבריק איז ניט געווענ געראָטנ אינ די אלטע פאבריק-געבײַדעס. דאָס איז געווענ א גיגאנט פונ גלאָז אונ בעטאָנ. קיינ פארויכערטע קוימענס האָט מענ אפ אימ ניט געזענ. מ׳האָט ניט געהערט קיינ ברומענ פונ לאָקאָמאָטיוו אינדערפרי אונ אפדערנאכט. די פאבריק האָט צעוואָרפנ אירע ברייטע גרויע פליגל אונ האָט פאכאפט א גרויסנ שעטעכ. די זונ ווארפט אינ די ריזיקע פענצטער פונעמ גיגאנט מילדע שטראלנ. אפדערנאכט זעט מענ פונווײַט די העלע שײַנ פונ די פאבריק־פענצטער, אונ די שײַנ רופט צו זיכ די פוסגייערס.

אפֿן פֿאַבריק־טורעם, אין סאַמע צענטער, איבערן גלעזער־נעם דאַך הענגט אַ שטאָלענע גראַטע, וואָס אף איר ליַכטן זיך די ווערטער:

| |
|---|
| שפּינ־וועב-פֿאַבריק אפֿ<br>פּ. ע. דזערזשינסקיס נאָמען |

און אַ גאַנצן טאָג הערט מען אף דער פֿאַבריק אַ פּליסיק אומדערמידלעך הודען. דאָס וואַרפֿט דער בעטאָן־גלעזערנער גיגאַנט, וואָס טראָגט אַ קאַמף-נאָמען, דעם אַלטן דאָרף, דער גאַנצער אונטערגייענדיקער אַלטער וועלט אַ שטאָלצן אַרויס־רוף: „דעריאָגן — איבעריאָגן, דעריאָגן — איבעריאָגן, דער־יאָגן — איבעריאָגן".

יונג, נאָך גאָר יונג איז די „דזערזשינקע", דאָך פֿאַרמאָגט זי שוין אַן אייגענע געשיכטע. די אַרבעטער — דזערזשינצעס האָבן זי ליב צו דערציילן די מענטשן, וואָס פֿאַרפֿאָרן אַהין.

אָט וואָס סע זאָגט דער טעקסטיל־אַרבעטער, דער כאַווער מאַרטינאָוו, דער רויטער דירעקטער און דערפֿינדער.

— אונדזער „דזערזשינקע" איז די ערשטע נײַע פֿאַבריק אין איוואַנאָוואָ. איצטער איז דאָ אין איוואַנאָוואָ און, אייגנטלעך אינעם גאַנצן פֿאַרבאַנד ניט ווייניק נײַע פֿאַבריקן, און יעדער יאָר האַלט די צאָל אין איין וואַקסן. אָבער גאָר ניט לאַנג, סאַכאַקל אין 1927 יאָר, האָט מען די „דזערזשינקע" אויסגעבויט. ניט קיין אויסלענדישע, נאָר אייגענע, סאָוועטישע בויערס האָבן זי געבויט. אָבער ווי נאָר מע האָט אויסגעבויט די „דזערזשינקע" אַזוי איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז ס'איז ווינציק. מע דאַרף בויען נאָך, און מע האָט אויסגעבויט „די רויטע טאַלקע". און אַז מע האָט אויסגעבויט די „טאַלקע", איז קלאָר געוואָרן, אַז

דאָס איז אויך ווינציק, מע דאַרף בויען נאָך — און מע האָט אויסגעבויט.

אָבער פֿריִער — וועגן דער „דזערזשינקע". די וועב־פֿאַבריק אַף כאַוו. דזערזשינסקיס נאָמען האָט מען אויסגעבויט אין 1927 יאָר. דאָס איז געווען אַ צײַט, ווען אונדזער אינדוסטריע איז שוין אינגאַנצן געקומען צו זיך פֿון די כורבו־ינעס, און ס'איז שוין געגאַנגען ניט אין דעם, מע זאָל אופֿשטעלן דאָס, וואָס איז געווען ביז דער מילכאָמע, נאָר אין דעם, מע זאָל אַלצדינג איבערבויען פֿון דאָס נײַ, אַף אַ סאָציִאַליסטישן שטייגער. דאָ טאַקע האָט מען אָנגעהויבן צו רעכענען, וואָס איז בא אונדז געווען, וואָס איז דאָ און וואָס דאַרף זײַן. וואָס־זשע האָט זיך אַרויסגעוויזן? איוואַנאָוואָ, די שטאָט איוואַנאָוואָ־וואָזניעסענסק האָט דאָך געשעמט אין דער גאַנצער מעלוכע פֿאַר אַ קעניגרײַך פֿון ציץ. אין איוואַנאָוואָ, פֿלעג מען זאָגן, איז פֿאַראַן שפּינ־ און וועב־פֿאַבריקן ניט איבערצוציילן. און אַז מע האָט אונטערגעציילט, האָט זיך צום סאָף אַרויסגעוויזן, אַז אין דער גאַנצער שטאָט איז דאָ שפּינדלען סאַכאַקל נאָר 100.000. אַ קליי‌ניקײַט — אין אַלע ווינקלען שטאָט האָבן די פֿאַבריקאַנטן אָנגעבויט פֿאַבריקן, קוימענס האָבן געסטאַרטשעט אומעטום, אַזוי ווי שטאַמען פֿון זונ־רויזן אַף היטלען. פֿאַבריקן! אַבי זיי האָבן געהייסן פֿאַבריקן. ליידיק זײַנען זיי געווען, אין יעדער פֿאַבריק געציילטע עטלעכע שפּינדלען... אַרום און אַרום סאַכאַקל 100.000! לויטן אַלטן שטייגער, פֿאַרשטייט זיך, איז עס עפּשער ניט ווייניק אויך. אָבער אַף אונדזער, סאָוועטישן פֿאַרמעסט וועט עס אונדז דען קלעקן? מיר וואַקסן, און יעדער זאַך פֿעלט אונדז אויס. מע דאַרף בויען, מע דאַרף מאַכן אַלץ אין ריזיקע צאָלן.

אַט איז ביזן 1925 יאָר אין גאַנץ איוואַנאָוואָ געווען סאַכאַקל 100.000 שפּינדלען. און מיר האָבן אויסגעבויט בלויז איין „דזערזשינקע" אַף 127.000 שפּינדלען.

און די „דזערזשינקע" האָט מען געמוזט בויען אומבאַדינגט. דאָס לאַנד האָט זיך געניטיקט אין געוועב. געוועב וועבט מען אין די וועב־פאַבריקן. וועב־פאַבריקן דאַרפן האָבן שפּינעכץ. ווו פלעג מען פריִער נעמען שפּינעכץ? מע פלעג עס אַריינפירן פון ווייטע קאַנטן. דאָס צושטעלן שפּינעכץ האָט טייער געמאַכט דאָס געוועב אויך. דאָס לאַנד פון אַרבעטער און פּויערים דאַרף האָבן וואָלוול און גוטסאָרטיק געוועב. און אַזאַ געוועב קאָן מען מאַכן, אויב מע וועט דאָס שפּינעכץ ניט פירן פון דער ווייט, נאָר סע וועט גלייך אַריבערגיין פון דער שפּינערײַ אין דער וועבערײַ. אַט צוליב וואָס מע האָט באַדאַרפט די „דזערזשינקע": זי איז נאָך דערווײַל בלויז אַ שפּינ־פאַבריק, און לעבן איר, טאַקע דאָ אַפן אָוואַד, שטייט די אַלטע וועב־פאַבריק. מיר האָבן זי איבערגעאַרבעט, צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט אַפן נייעם שטייגער און פאַראייניקט זי צו דער „דזערזשינקע". דערפאַר טאַקע רופט זיך אָן די דזערזשינקע „שפּינוועב־פאַבריק". אָבער מירן זיך אַפ דער־אָ אַלטער פאַבריק ניט אָפּשטעלן. מירן בויען נאָך — און מירן אומבאַדינגט אויסבויען אַ נײַע וועב־פאַבריק, וואָס וועט זיך גלייך אָנשליסן אין דער „דזערזשינקע". דעמאָלט וועט אונדזער גיגאַנט מיטאַמאָל אויסוואַקסן אין צוויי מאָל.

דער אַרבעטער מאַרטינאָוו, דער אויסגעצייכנטער רויטער דירעקטער, האָט ליב צו ווײַזן די פאַבריק. ער האַלט צו דעם גאַסט בא דער האַנט, גלייך ווי ער וואָלט מוירע געהאַט יענער זאָל ערגעץ ניט פאַרשווונדן ווערן, און פירט אים פון אָפּטיי־

לונג אין אָפּטיילונג, פון מאַשין צו מאַשין, פון קאָרפּוס אין קאָרפּוס און ווײַזט די אומופהערלעכע, אומדערמידלעכע מאַשי־נען־אַרבעט און מענטשן־מי, וואָס פאַרוואַנדלען בערג ניט געוואַשענעם, ניט געקעמטן בוימוואָל אין רײנע, דינע פעדים, בעשאַס דער כאַווער מאַרטינאָוו ווײַזט די נײַע וואָרסטעטן אָדער די שלענגלדיקע ווײַסע סטענגעס, וואָס קריכן אין די בעקנס, ווערט ער אויפגערעגט, פאַרוויטלט ער זיך און ווערט פאַרכאַפּט ווי אַ שילער, ווען ער פילט אויס אַ שווערע פאַרגעבונג. אינדערעמעסן — אָט איז אַ גראַמער ליכטיקער זאַל באַ די ווענט ליגן אין אָרדענונג נאָך ניט קיין צעפּאַקעוועטע פּעק בוימוואָל. און אינמיטן, באַ די מאַשינעס, אַרום די מאַשי־נעס — קופּעס, וואָס ווערן שיטער. אַרבעטערנס נעמען רויק, ניט געײַלט בוימוואָל־שיכטן פון פאַרשיידענע קופּעס, מישן זיי צונויף און וואַרפן אַף אַ באַוועגלעך זיפּל. דאָס זיפּל איז אַ טייל פון דער מאַשין, וואָס הייסט קופּעצעקלאַפּער. זי טראָגט אונטער דעם בוימוואָל צום סאַמע גאָרגל פון דער מאַשין, וואָס שלינגט אײַן געשווינד גראָבע שטיקער, צעשלײַדערט זיי אינע־ווייניק אין פאַרשיידענע זײַטן און מיט דער הילף פון געפּרעס־טער לופט טרײַבט זי דעם צעקײַעטן בוימוואָל מיט אַ גוואַלדי־קער קראַפט אַרויף דורך אַ רער. די אַרבעטערנס אַרבעטן רויק, — אָט וואָס סע וואַרפט זיך אין די אויגן. זיי טומלען זיך ניט, הוסטן ניט, פאַרמאַכן ניט די אויגן פונעם שטויב. ניטאָ אַפילע קיין סימען פון שטויב. ספּעציעלע רערן — עקסהאַוסטערן — זויגן אויס דעם שטויב. דאָס זײַנען שטויבזויגערס. אַז מע האָט פאַרטראַכט די „דזערזשינקע”, האָט מען באַטראַכט אַלץ, ביז יעדער פּיצעלע: די פאַבריק זאָל זײַן ניט פּאָשעט אַ פאַבריק, נאָר אַ פאַבריק אַ סאָוועטישע, אַ סאָציאַליסטישע. הייסט עס,

אלץ דארף זייַן אין איר געבויט אזוי, אז דעם ארבעטערס ארבעט זאָל זייַן פארגרינגערט און אויסער געפאר. אָט פארוואָס אף דער „דזערזשינקע" איז ניטאָ אינערגעץ קיין שטויבעלע, און די סאמע שווערסטע ארבעט טוט ניט דער מענטש, נאָר די מאשין.

ארופּ דורך דער רער פליסט דער בוימוואָל, א צעקלאפּטער אף קליינע פעדערלעך, ווי וואסער, אין ספּעציעלע קאמערס. דאָ שטאָפּט זיך אָן פעדערלעך גאנצע סטויגן און זיי ווערן דאָ פאנאנדערגעטיילט לויט דער קוואליטעט, לויטן סאָרט אף צוויי טיילן: גרונט־פּאָדעם און אופשלאק־פּאָדעם. דורכן אופגעעפנטן טירעלע פונעם קאמער קאָן מען זען, ווי פונויבן פאלן און זעצן זיך אָף די פעדערלעך און זיי בילדן א לאנגעכיקן שניי־בארג אָדער א סטויג אפן גאנצן קאמער. פונדאנען, פון די קאמערן, גייט דער בוימוואָל אין א נייַער־מאשין — אין אווטאָמאטישן שפּייַזער. אזוי רופט זיך אָן די מאשין דערפאר, וואָס מיט דער קראפט פון דער לופט, אָן דער הילף פון א מענטשן, אווטאָמאטיש טרייַבט זי איבער דעם בוימוואָל דורך די רערן אין די קלאפּ־מאשינעס: זי שפּייַזט די קלאפּ־מאשינעס מיט בוימוואָל.

די קלאפּ־מאשין קלאפּט דעם בוימוואָל אָן ראכמאָנעס. אפילע צעקלאפּטער, צעדרויבלטער בוימוואָל איז נאָך אלץ גענוג פארמיסטיקט. ער איז פארשטויבט, אף אים זיצן נאָך רעשטלעך פון ניסל־שאָלעכץ און פארשיידענע צומישן. דאָס אלץ דארף מען באזייַטיקן, אָפּרייניקן.

פריער ווארפן זיך ארופּ אפן בוימוואָל מעטאלענע צעקלאפּערס. זיי קלאפּן אים, צעדרויבלען אים און שטויסן אים ווייַטער. דינע שיכטן בוימוואָל קריכן דורך צווישן די זיפּ־באראבאנען

אזויווי גרויע האָר דורך א קעמל. אונטער די באַראַבאַנען זיצט אפ דער וואַל א ווענטיליאַטער, וואָס ציט ארויס דעם שטויב. און דאָס, וואָס איז שווערער פון שטויב, — רעשטלעך ניסל־שאָלעכץ, קורצע פּעדימלעך — פאַלן דורך דעם זיפּל אראָפּצו.

ווײַטער גייט דער בוימוואָל, וואָס איז היפּש צעקלאַפּט דורך עטלעכע גלעט־וואַלן אפ אן אײַזערנעם שטאַנג. דאָ וויקלט זיך דער בוימוואָל אָן דינע שיכטנווײַז און ווערט פאַרוואַנדלט אין לײַוונט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט יענע לײַוונט, וואָס מע קאָן פון איר גלײַך נייען העמדער. ניין. דאָס איז וואַטע, וואָס ליגט אפ דעם שטאַנג אין גלײַכע שיכטן. אפ דער קלאַפּ־מאַשין איז דאָ אזעלכע פיר שטאַנגען — הייסט עס, מיכאַמאָל וויקלען זיך אָן פיר לײַוונטן. מע נעמט זיי אראָפּ און מע וועגט זיי אָפּ אפ א הענגענדיקער וואָג. און די וואָג איז א שטרענגע — יעדער לײַוונט דאַרף וועגן 36 ענגלישע פונט — ניט מער, ניט ווייניקער טאָמער איז אָבער ניטאָ אזא וואָג, דאַרף מען דעם לײַוונט פירן צוריק, קעדיי צוצולייגן אָדער אראָפּצונעמען.

דאָס, וואָס מע צעקלאַפּט דעם בוימוואָל, איז אָבער ווייניק, — מע דאַרף אים נאָך ווי כע געהער צו זײַן אויסקעמען. בוימוואָל איז אפילע צעקלאַפּטערהייט נאָך געַנוג האַרט און שטויביק. א מאַשין צעקעמט פּלײַסיק דעם בוימוואָל, ווי א געטרײַע, שטרענגע ניאַניע. אָבער ס׳אַרא קאַמען! דאָס איז ניט קיין ביינערנע קעמלען, וואָס מע קעמט מיט זיי די האָר, און ניט קיין הילצערנע קאַמען, וואָס מע קעמט אויס לײַן. דאָס זײַנען מעטאַלענע נאָדלען, וואָס זײַנען געדיכט צעשטעלט אפ א הענגענדיקער סטענגע. די סטענגע פאַרכאַפּט דעם לײַוונט און טאַסקעט אים. דער אָפּקלאַפּ־מעכאַניזם נעמט אראָפּ די אומרייניקײַטן, דאָס אָפּקעמעכץ, און

דער בוימוואָל ווערט אונטערגעכאַפּט אַף אַ ספּעציעלן מעכאַניזם, אַ „וואַליאַן“, און גייט שוין ווי אַ דין שפּינוועבס.

ניטאָ מער קיין גראָבע ניט־געקעמטע קופּעס — ס׳איז דאָ דין, איידל, ווייך, דורכזיכטיק שפּינוועבס. נאָר אָט גייט דורך דאָס שפּינוועבס דורך ספּעציעלע וואַליקעס, ווערט געדיכט, פֿרעסט זיך צונויף (זאַמלט זיך צונויף) און ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ סטענגע. און די סטענגע גייט שוין דורך אַן עפֿענונג פֿון דער מאַשין אין אַ שמאָלן לענגלעכן בעקן. עמעס, די סטענגע איז נאָך דאָ ניט קיין גלאַטיקע, אין איין אָרט איז גרעבער, אין אַנדערן — דינער. די סטענגע דאַרף מען אויסגלייכן. דעריבער טראָגט מען איבער דעם בעקן מיט די סטענגעס פֿון דער קעם־מאַשין צו אַ ספּעציעלער סטענגע־מאַשין. דאָ ציט מען די סטענגעס אויס, מע גלייכט זיי אויס. בעשאַס דו קוקסט אַף דעם, וויאַזוי די סטענגעס גייען דורך די וואַליקעס, וואָס ציִען אויס, ציִען צונויף זעקס סטענגעס אינאיינעם און קריכן אַראָפּ אין בעקן אַרײַן, דאַכט זיך אויס, אַז אַ גראָבע ווײַסע פּאַסטע, געקראָטן אין כלאָראָדאָנט, פֿילט אָן פֿאַרשיידנקאָלירטע טובעס.

נאָר אָט איז די גלײַכע און פֿעסטע צונויפֿגעצויגענע סטענגע שוין פֿאַרטיק. דערמיט האָט זיך נאָך ניט אַלץ פֿאַרענדיקט. מאַשינעס ווילן נאָך לאַנג רײַכן דעם אומגליקלעכן בוימוואָל. אָבער דאָס מאָל וועלן שוין די רײַסעכצן זײַן אַנדערע: אַן קלעפּ און אָן קעמען. די סטענגע הייבט מען אָן לאַנג צו דרייען. מע פֿירט זי איבער אַף אַ דריי־מאַשין — אַף אַ גראָבן באַנקאַבראָש. אַף דער מאַשין איז דאָ קנאַפּע 100 שפּינדלען. דאָ גייט די סטענגע דורך אַן אויסציִ־אַפּאַראַט, ציט זיך אויס, גייט דורך אַ גאָפּל, דערנאָך דרייט זיך די סטענגע צונויף און גייט אַף די קלעצלעך. געמאַכט איז אַזאַ מאַשין „באַנקאַבראָש“

צוליב דעמ, קעדיי נאָכ מערער אויסצוגלײַכנ די פעדימ, צווינגענ זיי גײנ אינ אײנ ריכטונג אונ אזוי צונויפדרייענ, אז אינ דער ווײַטערדיקער ארבעט זאָל די גראָבע סטענגע זיכ נית אָפרײַכנ באַמ אָנוויקלענ אפ די קלעצלעכ. די ארבעטער־ס אפ די גראָבע באנקאבראָשעס גיבנ אופמערקזאמ אכטונג אפ יעדער פאָדעמ. אייגנטלעכ, די מאשינ גיט אלײנ צו וויסנ וועגנ אנ אומגליק: אויב א פאָדעמ רײַסט זיכ איבער, הערט די מאשינ טײקעפ אופ צו ארבעטנ. „דזערזשינקע“ קאָנ זיכ איבערנעמענ מיט דער גרויסער צאָל סאָוועטישע מאשינעס — באנקאבראָשנ. די גראָבע באנקאבראָשנ זײַנענ צעשטעלט אזוי, אז אײנ זײַט פונ דער אָפטײלונג איז אויסגעשטאט מיט ענגלישע מאשינעס, אונ די צווייטע — מיט סאָוועטישע. דידאָזיקע סאָוועטישע מאשינעס האָט מענ געמאכט אפנ טולער זאוואָד אונ טײלווײַז אפנ לענינגראדער זאוואָד נומ. 7. אינ די צארישע צײַטנ פלעג מענ אזוינע מאשינעס אויסשרײַבנ פונ אויסלאנד פונ ענגלאנד, אונ איצטער האָבנ מיר זיכ אלײנ אויכ אויסגע־לערנט בויענ די מאשינעס.

פונ די גראָבע באנקאבראָשנ גײט די סטענגע אפ א דינעמ באנקאבראָש, ווו מע דרייט זי ווײַטער, מע ציט זי אויס אונ מע פארוואנדלט זי אינ א דינעמ פאָדעמ, וואָס איז אָנגעוויקלט אפ שפולנ. די שפינדלענ אפ די דינע באנקאבראָשנ דרייענ זיכ, דרייענ זיכ אונ ציענ נאָכ זיכ די פעדימער. דאָס פלעטל מיט די שפינדלענ איז, ווי א וועגעלע, אינעק פאָרויס, אינ דער פאָדעמ האָט זיכ אָנגעהויבנ אויסציענ, זיכ צונויפדרייענ. שטעלט זיכ אָפ דאָס וועגעלע, שטעלנ זיכ אָפ די שפינדלענ אויכ. לאָזט זיכ דאָס וועגעלע אפצוריק — צעדרייענ זיכ געשווינד די שפינדלענ אונ וויקלענ אָנ אפ זיכ דעמ צונויפגעדרייטנ פאָדעמ. איצט פירט

מענ איבער די קלעצלעכ מיט די דינע פעדימ אפ וועגעלעכ אינ דער וויקל־אָפטײלונג. הונדערטער קלעצלעכ (800) שטעלט מענ ארײַנ אינ א הילצערנעמ געשטעל, א שפולער. די דינע איבערגעפלאָכטענע פעדימ ציִענ זיכ צו דער מאשינ, ווי ווײַסע שפינוועבס, וויקלענ זיכ אָנ אפ א ריזיקער קלאָצ — א וואל. דער וואל דרײט זיכ פאמעלעכ אונ בא יעדער באוועגונג ווערט ער אלצ גרעבער אונ גרעבער. אונ אז דער וואל דערגײט לויט דער גרעב ביז צו א באשטימטער גרענעצ — אפ אזויפיל, וויפל סע ווײַזט אָנ דאָס ווײַזערל, וואָס איז דאָ בא דער זײַט, — שטעלט זיכ די מאשינ אָפ, די עקנ פעדימ קניפט מענ צונויפ — אונ דאָס שפינעכצ איז פארטיק. דעמ וואל מיטנ שפינעכצ שיקט מענ אָפ אפ דער וועב־פאבריק, וואָס געפינט זיכ בישכײנעס, טאקע דאָ אפנ אוּוואָד. אָט אזוי פארוואנדלענ 127.000 שפינדלענ אינ דער פאבריק אפ דזערזשינסקיס נאָמענ אינ אײנ יאָר צענדליקער טויזנטער טאָנ בוימוואָל אינ צענדליקער טויזנטער טאָנ פינעכצ!

די דזערזשינצעס שטאָלצירנ מיט זײער פאבריק. אינ די ריזיקע קאָרפוסנ, אינ די פיר שטאָקנ, זעט מענ ניט ניט קײנ שטויב, ניט קײנ שמוצ. די וויכטיקסטע ארבעטנ אפ „דזערזשינקע" זײַנענ מעכאניזירט. דאָ ווערט קלאָר, פארוואָס מע רופט אָנ די „דזערזשינקע" א פאבריק אָנ קוימענס. קײנ קוימענ:ס דארפ מענ דאָ ניט האָבנ! יעדער מאשינ האָט זיכ איר עלעקטרעמאָטאָר.

יעדער מינוט קענ דער ארבעטער אָפשטעלנ די מאשינ אָדער לאָזנ זי אינ גאנג. מע דארפ געדענקענ, אז אויכ אָט די עלעקטראָמאָטאָרנ זײַנענ ניט קײנ פרעמדע, ניט קײנ ענגלישע, נאָר אונדזערע, ס.וועטישע, וואָס מע האָט זײ אויסגעבויט אפ די סאָוועטישע זאוואָדנ.

— די גאנצע „דזערזשינקע“ איז עלעקטריפיציט! — זאָגנ מיט שטאָלצ די דזערזשינצעס.

אונ דזערזשינצעס איז דאָ אפ דער פאבריק בא צוויי מיט א האלבנ טויזנט. ס׳זײַנען דאָ צווישנ זײ אויך אלטע פארדינסט־פולע שפינערנס. עמעס, ניט קײנ סאך זײַנען זײ דאָ. אָבער אפילע אָט־די „אלטע“ ארבעטער זײַנען דאָ אפ דער „דזערזשינקע“ ייִנגער געוואָרנ. מער פונ אלצ איז דאָ יונגע לויטנ עלטער אונ לויטנ סטאזש.

— די פאבריק איז א יונגע, — זאָגנ די ארבעטער — אונ מיר זײַנען יונגע.

אונ אנדערע זאָגנ נאָכ אנדערש:

— די פאבריק איז א נײַע, אונ מיר זײַנען נײַע!

נײַע — דאָס איז פונקט דאָס, וואָס מע דארפ זאָגנ וועגנ די דזערזשינער ארבעטער. אפ דער אלטער פאבריק האָבנ זיכ די ארבעטער געלערנט „אפנ אויג“, „אפ צוקוקעניש“. מע שטעלט אוועק צו אנ „אלטנ“ ארבעטער א יונגנ יאט אונ מע זאָגט אים אָנ שטרענג:

— קוק זיכ צו! — קוקט ער זיכ צו, „לערנט זיכ“. האָט מענ זיכ טאקע ניט געקענט לערנענ ווי סע באדארפ צו זײַנ: דער „לערער“ האָט געקוקט אפנ שילער, ווי אפ א פרעמדנ אײגנטום. טאָמער דארפ מענ עפּעס דערלאנגענ, ברענגענ, אָפּ־טראָגנ — שיקט מענ דאָס לערנ־ייִנגל. טאָמער טוט ער אָפּ ניט אזוי גיכ — גיט מענ אימ אינ האלדז אונ גאקנ, מיטנ קולעק אינ די ציינ ארײַנ. דער קאָפּ איז שוינ ניט געווענ באמ לערנענ זיכ! אונ אז סע פלעג קומענ די צײַט — דער יאט האָט זיכ געשטעלט צו דער מאשינ, האָט ער זיכ דערמאָנט, וויאזוי ס׳האָט געארבעט זײַנ „לערער“, אונ ער פלעג אויכ אזוי ארבעטנ... ארבעטנ אזוי,

ווי סע האָבן געאַרבעט די טאַטעס און די זיידעס, אפֿן אַלטן שטייגער.

אַזעלכע אַרבעטער ווערט אַלץ ווייניקער און ווייניקער. די סאָוועטישע פֿאַבריק פֿאָדערט אַרבעטער געשיקטע, אויסגעלערנטע, אַזוינע אַרבעטער, וואָס קענען די מאַשין, וואָס קענען דעם מאַטעריאַל, מיט וועלכן זיי אַרבעטן. נייע אַרבעטער פֿאַר די סאָוועטישע פֿאַבריקן גרייט מען אין די פֿאַבריק־זאַוואָדישע שולן פֿ.ז.ש. און אין צענטראַלן אינסטיטוט פֿון אַרבעט (צ״ט). בײַ דער דזערזשינסקע איז דאָ אַ ספּעציעלער שיקערשער־צעך — וואַרשטאַטן פֿון צ״ט. דאָ לערנט מען די קומענדיקע אַרבעטער, וויאַזוי ריכטיק צו אַרבעטן. די ציטאָוועצעס לערנען אויס אופֿמערקזאַם די מאַשין, איר געבוי און געוויינשאַפֿטן, געניטן זיך אין באַזונדערע באַוועגונגען. וויאַזוי מע דאַרף שטיין בײַ דער מאַשין, מע זאָל ניט גיך מיד ווערן, וויאַזוי אַרײַנלייגן דעם מאַטעריאַל, סע זאָל ניט זײַן קיין שאָדן. וויאַזוי צו שפּינען אַ פֿאָדעם, וויאַזוי אַרײַנלייגן אין אַראָפּנעמען דעם שפּול, דאָס קלעצל...

מיט אַ ספּעציעלן זייגער, כראָנאָמעטער, רעכנט מען אויס, וויפֿל דאַרפֿן געדויערן פֿאַרשיידענערליי אַרבעטן. אַז דער אַרבעטער געוווינט זיך צו צו אַרבעטן אפֿן נײַעם שטייגער, פֿאַטערט ער ניט אומזיסט קיין איין איבעריקע מינוט. אָפֿטמאָל פֿאַרלירסטו זיך בײַ דער אַרבעט, לויפֿסט אום אָן אַ טאָלק אַהער און אַהין, און די צײַט גייט, די מאַשין דרייט, און די פֿעדימער רײַסן זיך. דער צ״ט לערנט, וויאַזוי מע דאַרף שטרענג אויסרעכענען די צײַט און די באַוועגונג. ניט מאַכן קיין איבעריקע אומניצלעכע באַוועגונגען. אַזוי אָרגאַניזירן די אַרבעט, אַז אַלצדינג זאָל זײַן אונטער די הענט, אַז אַלע טיילן פֿון דער

ארבעט זאָלנ זײַנ צווישנ זיכ פארבונדנ — אָט צו וואָס סע דארפ צוגעווינענ זיכ דער נײַער ארבעטער.

אויפ די טעקסטיל-ארבעטער, אשטייגער, וועלנ זיכ דאָס אלצ אויסלערנענ, וועט מענ דערגרייכנ ביז גאָר וויכטיקע זאכנ: סע וועט זיכ פארקירצנ די צײַט פונ ארבעט, סע וועט זיכ העכערנ די פראָדוקטיוויקײַט, סע וועט זיכ פארבעסערנ די קוואליטעט. די גאנצע יוגנט אפ דער „דזערזשינקע" איז דורכגעגאנ דורכנ צ י ט.

דער רויטער דירעקטער, כאווער מארטינאָוו, זאָגט ערנסט וועגנ די יונגע ארבעטער:

— דאָס זײַנענ מענטשנ פונ „ נײַעמ שניט. זיי פילנ זיכ ניט ווי פּאָשעטע ארבעטער, נאָר ווי ארבעטער־באלעבאטימ.

דאָ אונ דאָרט קאָנ מענ זענ אפ די מאשינעס רויטע פענדעלעכ. א רויט פענדעלע איז א צײכנ פונ א שלאָגלערנ — א קאָלעקטיוויסטקע. הונדערטער דזערזשינצעס זײַנענ פאראייניקט אינ בריגאדעס.

די ערשטע צײַט איז אינ די בריגאדעס געווענ וויניק ארבעטערנס. די בריגאדניצעס האָבנ געארבעט געשווינדער אונ בעסער, איידער אנדערע ארבעטערנס; צווישנ די בריגאדניצעס אונ די, וואָס זײַנענ אינ קיינ בריגאדעס ניט ארײַנ, האָט זיכ אָנגעהויבנ א פארמעסטונג. די באיאָרטע ארבעטערנס איז ניט אָנגעשטאנענ אָפּצושטיינ פונ די „יונגע פארײַסערס". די פארמעסטונג האָט גלײַכ געגעבנ א העכערונג פונ דער פּראָדוקטיוויקײַט. אָבער אינגיכנ איז געוואָרנ א גרויסע צאָל שלאָגבריגאדעס אינ יעדער אָפּטיילונג. גאנצע אָפּטיילונגענ האָבנ זיכ געמאָלדנ פאר שלאָגלערישע. אפ יעדער סטויפ, אפ די ווענט האָט מענ געקאָנט לייענענ שרײַענדיקע בלעטלעכ:

## א מיטגליד פונ א בריגאדע איז א רעוואָליוציאָנער פונ דער פראָדוקציע

## לאָמיר מאכנ די „דזערזשינקע" פאר א שלאָגלערישער פאבריק

אינ בריגאדע גופע איז די ארבעט צעטײלט אפ קאָלקעטיווע יעסוידעס. יעדערער ארבעט לויט זײַנע קויכעס אונ לויט זײַנע פעיִקײַטנ. די גאנצע פארגעבונג ווערט אויסגעפילט אײנ׳ק — יעדעוער פילט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער גאנצער ארבעט. ס׳איז נישטאָ אינ בריגאדע קײנ ווערטער: „איכ בויי נאָר ווערטער, וואָס פארײניקנ, וואָס באגײַסטערנ: „מיר טוענ". ס׳איז ניט געווענ אזא פאל, אז א בריגאדע זאָל אויספילנ די פארגעבונג גיכ צו דער צײַט אָדער ניט פינקטלעכ. פארקערט די בריגאדע פילט אויס די פארגעבונג פארנ טערמינ אונ אָנ דעמ מינדסטנ בראק. דאָס פארדינסט טראָגנ די מיטגלידער פונ בריגאדע ארײַנ אינ „אלגעמײנעמ קעסל".

די גאנצע סומע ארבעטלוינ, וואָס נעמט זיכ אָנ אפ יעדנ מיט־גליד פונ בריגאדע, צעטײלט מענ צווישנ אלע, אלעמענ גלײַכ. א טײל פונעמ קאָלעקטיווג פארדינסט גײט אפ דער אינדוסטריא־ליזאציע-האלוואָע.

אָט אזוי ארבעטנ די דזערזשינצעס, אָט אזוי ארבעטנ די נײַע טעקסטילער, וואָס לויט זײער ווילנ בויענ זיכ נײַע פאבריקנ, טויזנטער „דזערזשינקעס" אונ „טאלקעס" מיט מיליאָנענ נײַע שפינדלענ.

די רויטע „טאלקע" שטייט אויך ניט אָפּ פונ דער „דזערזשינ־קע". עמעס, די „רויטע טאלקע" איז ניט קיינ פיַרשטאָקיקער ביגאנט. זי איז ניט הויך, נאָר ברייט. פאבריקנ פלעג מענ קעסטי־ביגאנט. זי איז ניט הויך, נאָר ברייט. פאבריקנ פלעג מענ קעסיי־ דער בויענ אינדערהייך, אונ סע פלעג זיך באקומענ אזוי, אז דער פראָדוקט, איידער מע האָט אים געמאכט, האָט זיך באַ־דארפט דורכשפאצירנ איבער אלע פיר אָדער זעקס שטאָקנ. אפּ אָפּשיקנ דעם האלבפאבריקאט אינדערהייך האָט מענ באדארפט פאטערנ אסאך צייט אונ מי: אָנלאָדנ דעם מאטעריאל אפּ א װעגעלע, אופהייבנ דאָס װעגעלע אפּנ אייבערשטנ שטאָק, דער־נאָך װייטער אמאָל אויסלאָדנ דאָס װעגעלע... אונ דעם פארטיקנ פראָדוקט האָט מענ אפּ דעמזעלבנ אויפנ באדארפט צוריק צו־שטעלנ אראָפּ. אָט אזוי פלעג מענ אומנוצלעך אויסברענגענ צייט, ארבעט אונ מיטלענ. אינ אמעריקע האָט מענ געמאכט א פרוװ אויסצובויענ א צװיישטאָקיקע פאבריק, ד. ה. א פאבריק ניט קיינ הויכע, נאָר א ברייטע. דאָס האָט געבראכט דערצו, אז די פראָ־רוצירטע סכוירע האָט זיך ניט געהויבנ קיינ איבעריק מאָל אינדערהייך, נאָר זי האָט געשטראָמט אָנ אנ אופהער אינ־דער ברייט. האָט זיך פארקירצט, אפּ אזא מינ אויפנ, די צייט, װאָס איז נייטיק אפּ אויסצוארבעטנ די סכוירע, ס'איז שטיַיפער געװאָרנ די מענטשלעכע ארבעט, אונ די הויצאָעס האָבנ זיך פארקלענערט. „די רויטע טאלקע" איז די צװייטע צװיישטאָקיקע פאבריק אינ דער װעלט! אז מע טוט אפּ איר א קוק פונױבנ, דאכט זיך אויס, אז ס'איז אנ אעראָפּלאנ אָדער א פויגל. װאָס האָט צעשפּרייט די פליגל אפּ צו פליִענ.

אויסגעבויט האָט מענ די „רויטע טאלקע" געשװינד. אינ מיַ 1927 האָט מענ אָנגעהויבנ בויענ, אונ פארענדיקט האָט מענ זי אינ נאָיאבער 1928 יאָר. אינ א כוידעש ארום האָט מענ אװעק־

געשטעלט מאשינעס, און אינ אָנהייב 1929 יאָר האָט די נײַע איוואנאָווער פאבריק — דער דענקמאָל פונ העלדישנ קאמפ אינ זיג — אָנגעהויבנ אויסצוארבעטנ סאָוועטישע שפינעכצ.

פונקט ווי די „דזערזשינקע״, אזוי איז אויך די „רויטע טאל-קע״ א שפינ־פאבריק און זי פארמאָגט 120.000 שפינדלענ. דאָס שפינעכצ גייט אפ דער געוועזענער פעטרישטשענקער וועב־פאב-ריק, וואָס שטייט מאקע דאָ הינטער די טויערנ פונ דער „טאל-קע״.

פאר 14 שאָ ארבעט (צוויי וואכטעס) גיט די „רויטע טאלקע״ 16.000 קילאָגראמ שפינעכצ. פאר א יאָר גיט זי בא פינפ מיליאָנ קילאָגראמ! ווענ מע דערמאָנט זיכ, אז די „דזערזשינקע״ לאָזט ארויס פאר א יאָר אינ דרײַ וואכטעס בא 7 מיליאָנ קילאָגראם, דעמאָלט באקומט זיכ די צאָל א גאנצ היפשע. 12 מיליאָנ שפי-נעכצ פאר א יאָר באקומט דאָס ראטנלאנד. בלויז פונ צוויי נײַע איוואנאָווער פאבריקנ!

אויב מע זאָל זיכ פאָרשטעלנ, אז דאָסדאָזיקע שפינעכצ איז אָנגעלאָדנ אפ פלאטפאָרמעס פונ א פראכט־צוג, און מע זאָל רעכענענ, אז דער צוג פארוועגט 600 טאָנ, וואָלט מענ באדארפט האָבנ אפ אָנצולאָדנ דאָס שפינעכצ בלויז פונביידע איוואנאָ-ווער פאבריקנ ניט ווייניקער פונ 25 פראכט־צוגנ!

אָבער אינ איוואנאָוואָ האָט מענ אויסגעבויט נאָכ א פאבריק, וואָס איז גאָר ניט ענלעכ אפ אלע איבעריקע. אפ דעדאָזיקער פאבריק פארבט זיכ דער בוימוואָל אָדער די וואָל צום אלעמ-ערשטנ אָפ, באקומט א באשטימטנ קאָליר. און דערנאָכ ערשט גייט עס אינ דער ארבעט. אפ אזא אויפנ גייט שוינ אפ דער וועב־פאבריק געפארבט שפינעכצ, און פונ דער וועב־פאבריק גייט ארויס קאָלירט געוועב. דידאָזיקע פאבריק איז דער

„מעלאנזשעווער קאָמבינאט“. זי פאַרמאָגט 460.000 שפּינדלענ, וואָס וועלנ געבנ 80.000.000 מעטער קליידער־געוועב א יאָר!.

איז וואָס־זשע איז עס — ווייניק צי אסאכ? וויפל קאָנ מענ פונעם איוואנאָווער שפּינעכצ אָנוועבנ ציצ אָדער געוואַנט? וויפל דאַרפ מענ אינגאנצנ האָבנ שפּינעכצ אונ ציצ? וויפל טעקסטיל דארפ האָבנ פ ס ר ר אונ וויפל וועט מענ אויסארבעטנ פאר א יאָר, פאר 5 יאָר? צי וועט זיכ נאָכ לאנג פילנ אינ פ ס ר ר א מאנגל אינ טעקסטיל־סכוירעס, צי סע וועט אײַנגיכנ קומענ א צײַט, ווענ אפ יעדנ בירגער וועט אויספאלנ אסאכ צענדליקער מעטער מאנופאקטור?

אפ אָט די פראגעס קאָנ מענ באלד טאקע געבנ קורצע ענט־פערס. נאָר לאָמיר זיכ ניט אײַלנ. לאָמיר זיכ ווענדנ צום כאַ־ווער מארטינאָוו, — ער איז א רויטער דירעקטער, ער פירט אָנ מיט דער נײַער סאָוועטישער פאבריק, וואָס טראָגט א קאמפ־נאָמענ.

דער כאַווער מארטינאָוו וועט רויִק אלצ געבנ צו פארשטיינ, אונ דעמאָלט וועט ניט זײַנ קיינשום מיספארשטיענישנ.

אלאָ! אלאָ! אלאָ! א וואָרט באקומט דער כאַווער מארטינאָוו.

---

קאפיטל וו

# סע רעדט דער כאווער מארטינאָוו

צום אלעמערשטנ מוז מענ פאָרשטעלנ דעמ כאווער מארטינאָוו פארנ לייענער. מיר האָבנ אימ שוינ באגעגנט אפ דער „דזער־זשינקע", מיר האָבנ געהערט זײַנ באגײַסטערטע דערציילונג וועגנ דעמ, וויאזוי סע ארבעט די „דזערזשינקע". מיר זײַנענ נאָכ אָבער מיט אימ ווייניק באקענט. אונ מיטנ כאווער מארטי־נאָוו לוינט זיכ נעענטער צו באקענענ.

דער כאווער מארטינאָוו שטאמט פונ טעקסטיל־ארבעטער. דער זיידע זײַנער איז אינ דער יוגנט געווענ א לײַב־אייגענער קוס־טאר אפ צינש. נאָכ באמ גראפ שערעמעטיעוו האָט ער אינ זײַנ אָרעמ שטיבל געוועבט מיטקאל. די צונויפקויפערס פלעגנ אימ געבנ שפינעכצ אונ צונעמענ בא אימ דאָס פארטיקע געוועב פאר גראָשנס. דער פאָטער מארטינאָווס איז נאָכ יינגלווײַז אָנ־געקומענ אינ דאָרפ איוואנאָוואָ. דאָ איז ער ארײַנ אינ פאבריק, אינ דער קעמ־אָפטיילונג. זײַנ ארבעט איז באשטאנענ דערינ, וואָס ער פלעג מיט א טרוקענעמ בעזעמ פארקערנ דאָס אָפקע־מעכצ, וואָס איז געפאלנ אפנ פאָל. דער שטויב איז געשטאנענ ווי א סטויפ, דאָס שמאָל־ברוסטיקע יינגל האָט אימ ארײַנגעאָטעמט אונ האָט געהוסט. אינגיכנ האָט זיכ די בלייכקײַט צעגאָסנ איבערנ

אבער אז מע פאָנעם, און די הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן... אָבער אז מע האָט אים אריבערגעפירט צו א ווארסטעט, האָט ער, לויט זײַנע אייגענע ווערטער, אופגעלעבט. קיינער האָט אים ניט געשטופּט, קיינער האָט אים ניט אונטערגעטריבן, קיינער האָט אים נאָך קיין בראָנפן ניט געשיקט. דערפאר א׳יז פונעם קלאפּן פון די צעפאָרענע ווארסטעטן אין די אויערן געשטאנען א שרעקלעכער גערויש. מארטינאָווס פאָטער איז טויב געוואָרן. און אז פון דער בלוטאָרעמער סאָרטירערן איז בא אים געבוירן געוואָרן דער ערשטער זון וואסילי, דער איצטיקער רויטער דירעקטער, האָט ער זיך דערפרייט. ״מײַן געהילף וועט ער זײַן״ — האָט מיט שטאָלץ געזאָגט דער פאָטער.

און ווירקלעך, וואסילי איז געוואקסן געשווינד, און מיטן געזונט איז ער ניט געווען געראָטן אין די עלטערן. א ברייט־פלייציקער, א פעסטער אין די ביינער, האָט ער אינגיכן אָנגע־הויבן צו גיין מיטן פאָטער אף דער פאבריק. אָבער דעם באלע־באָס און דעם מײַסטער איז ניט שטארק געפעלן געוואָרן, וואָס דער זון ארבעט אונטערן פאָטערס פליגל.

„ער וועט זיך גאָרניט אויסלערנען אזוי״ — האָט זיך געבײ־זערט דער מײַסטער. און ער האָט אריבערגעפירט וואסילין צום בייזן ווערבער פיאָדאָראָוו, וואָס איז שטענדיק געווען אָנגעטראָגן אף דער גאנצער וועלט. יענער האָט זיך באלד גענומען „לערנען״ וואסילין. ס׳האָט זיך געמאכט אזוי, אז וואס־לי האָט אינעם טום פון דער ווערבערײַ ניט אײַנגעהערט דעם „לעדערס״ באפעל. דער „לערער״ האָט מערער קיין וואָרט ניט געזאָגט און האָט אים א זעץ געטון איבערן אויער מיט זײַן אײַזערנעם פויסט.. וואסילי איז אומגעפאלן. אים האָט זיך אויסגעדאכט, אז עפּעס אן אומגעווייגלעכע מאסע האָט אים צוגעקוועטשט... דאָס איז

געוועג אג אָנהייב. דערנאָכ איז די „לערע" אוועק מיט איר געוויינלעכנ גאנג: פיאָדאָראָוו האָט ניט איינמאָל געהויבג אפ וואסילינ א האנט. אָבער וואסילי איז ניט געווענ געראָטנ אינ די איבעריקע לערנ־יינגלעכ אונ ער האָט זיכ געביייזערט. איינמאָל האָט ער זיכ אפילע אפ פיאָדאָראָוונ אליינ געוואָרפנ מיט א שטעקנ... וויפל ריידערייענ איז געווענ אינ וועבעריי! דער מייסטער האָט אים די מינוט אריבערגעפירט אינ אנ אנדער אָפטיילונג, אונ די יאטנ, פונקט אזוינע „לערנ־יינגלעכ" ווי וואסילי, האָבנ אים פונ דעמאָלט אָנ געהאלטנ פאר זייער פירער. יאָנטויוום־צייט פלעגנ זיכ די יאטנ צונויפנעמענ אפ דער יאמסקע, וואָס די דערוואקסענע פלעגנ דאָרטנ פארטרינקענ זייערע גראָשנס אינ די טראקטירנ, אונ האָבנ גערעדט וועגנ זייער לעבנ. וואסילי האָט, לויט די ווערטער פונ די באלעבאטישע שפיאָנענ, „זיכ געריסנ" מער פונ אלע. צו זעכצנ יאָר האָט זיכ וואסילי דערנעענטערט מיט די וועבערס, וואָס סע פלעג בא זיי פאָרקומענ געהיימע פארזאמלונגענ. אפ די פארזאמלונגענ פלעג זיינ וואסילי. ער האָט געהערט טאקע זיינע איוואנאָווער באקענטע, ער האָט געהערט די סטודענטנ, וואָס זיינענ געקימענ צו פאָרנ פונ מאָסקווע אונ שויע, אונ ער האָט אָנגעהויבנ אנדערש צו דענקענ. אפ די סכאָדקעס, אפ דער יאמסקע, לעבנ די טראקטירנ האָט ער גערעדט וועגנ דעם, אז „מיר טאָרנ ניט שווייגנ. אלע דארפנ זיכ א נעמ טונ פאריינס". דערוואקסענע האָבנ אים געדראָט מיט די הענט: שווייג, וואסילי, ניט דו ביסט דער ערשטער ניט דו ביסט דער לעצטער". אונ אז סע פלעג אזוי זאָגנ וואסילינ, פלעג ער אָנהייבנ שרייענ ווי א צעדולטער:

— ניינ, ברידערלעכ, ס'וועט זיכ ענדיקנ... ס'וועט זיכ ענדיקנ דידאָזיקע קאטאָרגע... וואָס איז, מיר זיינענ דענ ניט קיינ מענטשנ,

נאָר בעהיימעס? וואָס איז, מיר דאַרפן עס טאקע אייביק לעבן
ווי די בעהיימעס? ברידערלעך, מיר דארפן — איינער פאר אלע־
מען און אלע פאר איינעם!

אָבער די טעקסטיל־ארבעטער האָבן זיך געשראָקן פאר וואסי־
לין. זיי האָבן זיך אָפּגערוקט אין א זײַט און זײַנען אוועקגעגאנ
וואָס ווײַטער. אומעטום זײַנען געווען דעם באלעבאָס שפּיאָנען.

אין אונטערערדישן קרײַזל האָט זיך וואסילי אויסגעלערנט
גראַמאָטע. פריִער האָט ער אליין געלייענט טראפּנווײַז פּלוג־
בלעטלעך, וואָס אין זיי האָט זיך דערציילט וועגן דעם שווערן
גורל פון די איוואַנאָווער טעקסטיל־ארבעטער, אָבער שפּעטער
האָט ער אָנגעהויבן צעטראָגן אָט־די פּלוג־בלעטלעך איבער די
ארבעטער־קאזארמעס...

אין 1905 יאָר זײַנען אלע איוואנאָווער פאבריקן געבליבן
שטיין, די גאנצע ריזיקע מאסע טעקסטיל־ארבעטער איז ארויס־
געגאנגען אפן שטאָט־פּלאץ. וואסילי איז געגאנגען פאָרויס. דאָס
ערשטע מאָל האָט וואסילי פאר אזא גרויסער פארזאמלונג גע־
האלטן א רעדע. אָבער טאקע דערפאר, וואָס דאָס איז געווען
דאָס ערשטע מאָל, האָט די שטים זײַנע געקלונגען איבערצײַגנ־
דיק און פעסט. די פארזאמלטע האָבן אים געהערט מיט אָנגע־
שטרענגטער איפּמערקזאמקײַט, גלײַך ווי סע וואָלט געווען א
באוווּסטער אָראטער. אז די פּאָליציי האָט פארווערט צו מאכן
סכאָדקעס אפן פּלאץ, זײַנען די טעקסטיל־ארבעטער אוועק אפן
דער טאלקע. דאָ זײַנען ארויסגעטראָטן מאָסקווער. דאָ האָבן
געהאלטן רעדעס: דער ליבלינג פון די ארבעטער — דונײַעוו און
דער אויסגעפרוווטער אונטערערדניק „דער פאָטער“ (ז.פאַ־
נאַסיעוו), אהערצו פלעג קומען צו פאָרן פון שויע דער יונגער
ארסעני (פרונזע). וואסילי האָט געפילט, אז ער ווערט צונויפּ־

געװאקסנ מיט אלעמענ, אז ער איז א טײלעכל פונ דער גרויסער אופגעבראכטער מאסע...

זשאנדארנ האָבנ שוינ לאנג נאָכגעשפּירט נאָכ וואסילינ. מע האָט אים גענומענ אפ דער בריק, כאמע לעבנ דער טאלקע, װענ ער איז לויטנ אופטראָג פונ די ארבעטער-דעפּוטאטנ געגאנ־ גענ קײנ איװאנאָװאָ... צוזאמענ מיט א גרופּע איװאנאָװער אונ מאָסקװער האָט מענ וואס־לינ פארמישפּעט ארויסשיקנ אפ א לאנגנ טערמינ קײנ סיביר.

ערשט אינ 1917 יאָר האָט זיכ דער כאװער מארטינאָװ אומ־ געקערט אינ זײַנ איװאנאָװאָ-װאָזנעסענסק. אָבער שוינ גאָר ניט דער מארטינאָװ! א הויכער, א פלײצעקער, א בערדיקער... אינ די האָר האָט זיכ געזילבערט א גרויקײַט. דאָס רעדנ איז שוינ ניט געװענ קײנ אָפּגעריסנס, קײנ שארפס, נאָר ס'איז גע־ װאָרנ פליסיק, זיכער. ווידער האָט זיכ מארטינאָװ געשטעלט צומ װארסטעט, אָבער די פאבריקנ האָבנ געארבעט שװאכ — ניט געװענ קײנ רויװארג אונ קײנ הײצונג. אפ די ערדנ פונ דער רע־ פּובליק זײַנענ געשטאנענ סאָנים. פונ מיזרעכ האָט פרונזע גע־ װאָרפנ די איװאנאָװער א רופ: „פארטײדיקנ די ראטנ!". די אי־ װאנאָװער טעקסטילער האָבנ געשאפנ א מאכנע אפ פרונזעס נאָמענ. מיט אָט־דער מאכנע איז אויכ דער כאװער מארטינאָװ אװעקגעפאָרנ אינ די טורקעסטאנער סטעפּעס.

װאסילי איז געװאָרנ א מיליטער־מאנ. פּונקט אזוי געװיסנ־ האפטיק אונ אָנגעשטרענגט, װי ער האָט געארבעט באמ װאר־ סטעט, האָט ער געארבעט מיט דער ביקס אינ די שוצ־גרובנס. האָט געריטנ אפנ פערד — אלס קאָמאנדיר, פארנ שלאכט איז ער געזעסנ איבער מאַפּעס — אלס א מיליטער־פירער... נאָכ פערעקאָפּ איז װאסילי ווידער געקומענ צו פאָרנ קײַנ איװאנאָװאָ. נאָכ א

לאנגנ שטײנ האָבנ זיך די פאַבריקנ אָנגעהויבנ עפענענ. די ווע־
בערס האָבנ זיך אומגעקערט פונ די דערפער אונ האָבנ גערײ־
ניקט די ווארסטאטנ. די דאמפּ־מאשינעס האָבנ פרײדיק געוועקט
די שבאָט מיט נײַע הודקעס, אָבער מאָדנע — וואסילי האָט
שוינ מער ניט געקאָנט שטײנ באַם ווארסטעט. אונ ער האָט
עס ניט באַדארפט אויך. די פארטײ האָט אים אײַנגעשיקט קײַנ
מאָסקווע זיך לערנענ. אָבער פארענדיקט דאָס לערנענ האָט ער
ניט דאָ — די פארטײ אונ דער טרעסט האָבנ אים אײַנגעשיקט
פארענדיקנ דאָס לערנענ צו די אמעריקאנער. אונ אָט איז דער
בערדיקער אונ אינגאנצנ גראָוער וואסילי אײַנגעפאָרנ קײנ
אמעריקע. אומגעקערט האָט זיך וואסילי ניט קײנ מאָסקווע,
נאָר קײנ איוואנאָווא. אָבער דערקענענ אים איז געווענ שווער:
דער וועבער וואסילי מארטינאָוו האָט שוינ מער קײנ באָרד ניט
געהאט, א געגאָלטער מיט קײַלעכדיקע האָרנ־ברילנ, אינ א קאָס־
טיום נאָרוואָס פונ דער נאָדל ארויס, האָט מארטינאָוו מיט א
גרעסערער ענערגיע ווי פריער אָנגעהויבנ בויענ די איוואנאָ־
ווער ווירטשאפט. פונוואנענ האָט זיך צו וואסילינ גענומענ דער
קויעך? קײנמאָל האָט ער זיך ניט אײַנגעמידט, קײנמאָל ניט
געזאָרגט, נאָר אלצדינג האָט ער געטונ לויט א פּלאַנ. „דער
סאָוועטישער אמעריקאנער“ — אזוי האָט מענ א נאָמענ געגעבנ
וואסילינ. אונווירקלעך, עפעס איז ער געווענ געראָטנ אינ א
אמעריקאנער — מיט זײַנ אײַנגעשפארטער אָנגעווענדקײַט צום
אָנגעמערקטנ ציל, מיט זײַנ זאכלעכקײַט אונ פינקטלעכקײַט אינ
יעדער זאך. אָבער ער איז געווענ ניט פּאָשעט קײנ אמעריקא־
נער. יעדער זאך זײַנע איז געווענ ניט זײַנ פערזענלעכע זאך,
ווי בא אנ אמעריקאנער, נאָר א זאך א קאָלעקטיווע, א זאך א סאָ־
וועטישע. אָבער געטונ האָט ער דידאָזיקע סאָוועטישע זאך

פונקט אזוי געוויסנהאפטיק, פונקט מיט אזא בלוטיקנ אינטערעס, ווי דער אמעריקאנער האָט געטונ־זײַנ פערזענלעכע זאכ. אונ נאָכ אײנ מערקווירדיקנ שטריכ האָט פארמאָגט דער כאַווער מארטינאָוו: ער האָט קײנמאָל ניט גערעכנט, אז איוואנאָוואָ איז אלײנ בלויז עפּעס פאר זיכ א זאכ. פארקערט, ער איז געווענ איבערצײַגט, אז איוואנאָוואָ, אז די איוואנאָווער פאבריקנ, איוואנאָווער ארבעטער זײַנענ בלויז א טײלעכל פונעם ראטנלאנד, נאָר א טײל פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט, בלויז אײנ דריט־כײלעק פונ אלע סאָוועטישע טעקסטיל־ארבעטער. דעריבער טאָר מענ ניט טראכטנ פונ איוואנאָוואָ, ניט טראכטנדיק פונ פסרר!

פונ דעם, אײגנטלעכ, האָט טאקע כאַווער מארטינאָוו אָנגעהויבנ זײַנ שמועס מיט די אמעריקאנער געסט, וואָס זײַנענ געווענ צופרידנ, אז זײ האָבנ דערהערט די ענגלשע מוטערשפראכ פונ א סאָוועטישנ ארבעטער.

— אסאכ צי ווײניק גיט די איוואנאָווער טעקסטיל־אינדוסטריע? — האָט אָנגעהויבנ דער כאַווער מארטינאָוו. — אפ דער פראגע קאָנ מענ געבנ א ריכטיקנ ענטפער דעמאָלט, ווענ מירנ זיכ פאָרשטעלנ, וואָס סע גיט אונ וואָס סע קאָנ געבנ די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע פונ פסרר. אינדערעמעסנ, די גאנצע איוואנאָווער טעקסטיל־אינדוסטריע, אשטײגער, באטרעפט דאָכ סאכאקל בלויז אײנ דריטל פונ דער גאנצער טעקסטיל־אינדוסטריע פונ פסרר. אָבער דערפאר באטרעפט דאָכ אויכ די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע אײנ דריטל פונ דער גאנצער אינדוסטריע פונ פסרר. אזוי, אשטײגער, האָט די גאנצע שווערע סאָוועטישע אינדוסטריע אינ 1927/28 יאָר אויסגעארבעט סכוירעס אפ 10 מילי־

ארד מיט 800 מיליאָנ רובל, אונ די טעקסטיל-אינדוסטריע אליינ האָט אויסגעאַרבעט סכוירעס פאר דעמזעלבנ יאָר אפ $3^1/_2$ מיליארד רובל. פונקט אזוי איז אינ דער פראגע וועגנ דער צאָל ארבעטער: אינ דער סאָוועטישער אינדוסטריע זייַנענ באשעפטיקט 2 מיליאָנ מיט 100 טויזנט ארבעטער, אונ טעק־סטיל-ארבעטער אליינ איז דאָ 700 טויזנט. נאָכ מער, דער טעק־סטיל גיט אונדזער מעלוכע ¼ פונ אלע רעוואָכים אונ העלפט דערמיט אליינ גיכער צו בויענ דעם סאָציאליזם. דערפונ קאָנ מענ זענ, וואָס פאר א ווערט סע האָט דער טעקסטיל, וואָס פאר אנ אָרט ער פארנעמט אינ דער פאָלקסווירטשאפט פונ פסרר!

אָבער אויב דער טעקסטיל האָט בא אונדז אזא ווערט אונ ער גיט דער מעלוכע אזא רעווע, איז פארוואָס-זשע בא אונדז נישטאָ קיינ מאנופאקטור?

אינדערעמעסנ, פארוואָס קלעקט בא אונדז ניט קיינ טעק־סטיל-סכוירעס? פארוואָס שטייענ בא די טעקסטיל-מאגאזינעס אזעלכע לאנגע רייענ? פארוואָס קאָנ ניט יעדער בירגער זיכ מאכנ אזויפיל קאָסטיומענ, וויפל ער וויל, אזויפיל וועש. וויפל סע גלוסט זיכ אים? אָט דערציילנ דאָכ מענטשנ, וואָס האָבנ צייַט אפ דעם. אז אינ אמעריקע נעמט זיכ אָנ אפ יע־דער אייַנוווינער עטלעכע צענדליק פאָר קאָסטיומענ אונ פאל־טעס! פארוואָס קומט אָנ בא אונדז אזוי שווער צו באקומענ אפילע איינ קאָסטיום? לאָמיר עס באטראכטנ רויִק אונ מיט א סיידער.

ווער האָט געזאָגט, אז פאר דער מילכאָמע איז בא אונדז געווענ אסאכ מאנופאקטור? אנו, לאָמיר א רעכנ טונ: אינ 1913 יאָר איז אפ יעדער מענטשנ פונ דער באפעלקערונג אויס־

געפאלן 19 מעמער באוול־געוועב. ניינצן מעטער — דאס איז ניט קיין סאך, אבער ווער האט געהאט אט אָ די ניינצן מעטער? דער אָרעמער פויער, דער שלעכט־אָפּגעצאָלטער ארבעטער האָבן דען בעיאד געהאט צו קויפן יעדער יאָר דידאָזיקע 19 מעטער? ניט געהאט! די אָרעמע פויערים און ארבעטער זיינען געגאנגען זייער שלעכט אָנגעטון. די קליידער פון פויערים זיינען געווייגלעך געמאכט געוואָרן פון היימישן מאטעריאל. ארבע־טער פלעגן קויפן אלטע קליידער אפן מארק און האָבן צו עס־לעכע יאָר געטראָגן דעם אזויגערופענעם יאָנטעוודיקן קאָס־טיום... איך געדענק עס דאָך גוט — און קיינמאָל וועל איך עס ניט פארגעסן! נו, איז אָט, ביז דער רעוואָליוציע איז אפ יעדן מענטשן אויסגעפאלן 19 מעטער געוועב, און די מאגאזינ־פּאָלע־צעס האָבן זיך געבראָכן אונטער דער מאסע מאנופאקטור. אָבער אָט טוט א קוק: וויפל נעמט זיך איצטער אָן אפ א מענטשן פון דער באפעלקערונג, אויב רעכענען 150 מיליאָן?

אין 1927/28 יאָר האָט אונדזער באוול־אינדוסטריע ארויס־געלאָזט אפן מארק 2 מיליארד מיט 800 מיליאָן מעטער געוועב. אויב מירן אָט די קאָלאָסאלע צאָל צעטיילן אפ די 150 מיליאָן מענטשן פון אונדזער באפעלקערונג, וועלן מיר באקומען דורכ־שניטלעך 19 מעטער אפ איין מענטשן. קומט אויס, אז אין 1927/28 יאָר האָבן מיר אָנגעהויבן אויסצוארבעטן פונקט אזויפיל באוול־געוועבן, וויפל מע פלעג אויסארבעטן ביז דער מילכאָמע. און די מאגאזינעס איז ניט נאָר, וואָס זיי ווערן ניט צעלאָפּעט פון אסאך מאנופאקטור, נאָר, פארקערט, מערסטנ־טייל זיינען זיי ליידיק... פארוואָס־זשע איז עס אזוי? דערפאר וואָס פאר דער מילכאָמע האָט דידאָזיקע ניינצן מעטער ניט יעדערער בעיאד געהאט צו קויפן, און זיי פלעגן אָדער בלייבן

אפ די פּאָלעצעס, אָדער איבּערוואַנדערן אין די קאַסטנס צו די פאַרמעגלעכסטע מענטשן. אָבּער איצטער קאָנען מיליאָנען ארבּעטער און פּויערים קויפן אַסאַך מער פון 19 מעטער — און דעריבּער, ווי נאָר די מאַנופאַקטור טוט זיך א וואַז, צעכאַפּט מען זי טײַקעף! מאַנופאַקטור ווערט בּאַ אונדז, געוויינטלעך, ניט פאַרלעגערט, זי ווערט פאַרטײַלט גלײַכמעסיק צווישן די ארבּעטנדיקע. אָבּער אויב פאַר דער מיכּאָמע איז 19 מעטער געווען אַסאַך, איז איצטער 19 מעטער... ווייניק. די ארבּעטנדיקע דאַרפן האָבּן אַסאַך מער, די ארבּעטנדיקע ווילן האָבּן אַסאַך מער! ווײַל די בּאַדערפעניסן זײַנען בּאַ זיי געוואָרן אַסאַך גרעסערע! פאַר דער צײַט פון דער ראַטנמאַכט האָבּן די ארבּעטער אָנגעהויבּן לעבּן ווי מענטשן, הייסט עס, אַז די בּאַדערפעניסן זײַנען בּאַ זיי אויך געוואָרן גרעסער און בּרייטער! אונדז קלעקט ניט — דאָס איז קלאָר, אָבּער דאָס הייסט דען, אַז מיר ווילן ניט צי מיר קאָנען ניט אויסארבּעטן מער? מיר ווילן, און מיר וועלן אויסארבּעטן מער! אָבּער אָט זאָגן אייניקע מענטשן: אין ענגלאַנד, אין אַמעריקע איז דאָ מאַנופאַקטור, כאָטש וואַרפ אין יאַם אַרײַן. דאָרטן איז קיין מאַנגל ניטאָ. לאָמיר זיך ניט אײַלן, לאָמיר בּאַטראַכטן, צי איז עס טאַקע אַזוי? אין ענגלאַנד, אַשטייגער, אַרבּעט מען אויס יעדער יאָר אפ יעדער אײַנוווינער 25 מעטער בּאַוול-געוועבּ, אַנדערש גערעדט, בּלויז אפ 6 מעטער מערער, איידער בּאַ אונדז. און אין צפון-אַמעריקע — מער פון 50 מעטער. אָבּער דאָס הייסט ניט, אַז די ענגלישע און אַמעריקאַנער ארבּעטנדיקע קויפן אַלע 25 צי 50 מעטער. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט נאָר דער אייבּערשטער שיכט ארבּעטער, די ארבּעטער-אַריסטאָקראַטיע, א מעגלעכקײַט צו קויפן אַלץ, וואָס איז

בײטיק, און די אַרבעטער־מאַסנ קויפּנ גאָר ניט אַזוי קײנ סאַכ. אַ טײל סכוירע פירנ די קאַפּיטאַליסטנ אַרויס קײנ אויסלאַנד און זשעברענ אָנ מיליאָנענ. נײנ, בעסער זאָל מענ מיר שוינ ניט דערצײלנ פונ ענגלאַנד און אַמעריקע! איכ בינ דאָרט אַלײנ געווענ, איכ האָב געזענ, וויאַזוי סע לעבנ די ענגלישע אונ אַמעריקאַנער אַרבעטער... מיכ וועסטו מיט קײנ בורזשואַזע באַבע־מײסעס ניט פאַרדרײענ: איכ האָב די סאַמע טיפענישנ פונעם אַרבעטער־לעבנ געזענ און האָב פאַרשטאַנענ, אַז כאָטש די אַרבעטער אינ אַנדערע לענדער שאַפנ פאַר די קאַפּיטאַליסטנ אַסאַכ סכוירעס, קאָנענ זײ פונדעסטװעגנ אַלײנ דידאָזיקע סכוירעס אַפילע אינ קײנ קלײנער מאָס ניט קויפנ!

אָבער אונדז פעלט אויס ניט נאָר קײנ באַוולנע סכוירעס. עמעס, דידאָזיקע סכוירעס וועלנ מיר אײנגיכנ פּראָדוצירנ אינ אַ גענוגנדיקער מאָס. אונדז פעלט אויס באַזונדערס וואָלענע סכוירעס. מיר פּראָדוצירנ דערווײַל וואָלענע סכוירעס אַזוי ווינציק, אַז אַפ יעדנ מענטשנ נעמט זיכ אָנ פאַר אַ יאָר עפּעס מער פונ... אַ האַלבנ מעטער (0,6 מ.). אינ ענגלאַנד און אינ אַמעריקע נעמט זיכ אָנ אַפ אַ מענטשנ 5 מעטער, ד. ה. 10 מאָל מער, ווי בא אונדז. אָבער מע קאָנ בעשום אויפנ ניט זאָגנ, אַז פאַר דער מילכאָמע האָט מענ בא אונדז פּראָדוצירט זײער אַסאַכ וואָלענע סכוירעס. פאַר דער מילכאָמע האָט זיכ אַפ אײנ מענטשנ אָנגענומענ קנאַפּע... 1 — 0,9 מעטער וואָלענע סכוירעס. אונ פאַבריקנ איז דאָכ פאַר דער מילכאָמע געווענ אינ רוסלאַנד אַסאַכ מער, אײדער איצטער. יעדער גראַמאָטנע בירגער ווײסט, אַז פאַר דער מילכאָמע האָט דאָס צאַרישע רוסלאַנד מיט גוואַלד געהאַלטנ אונטער איר מאַכט פּוילנ, לעטלאַנד, ליטע, עסטלאַנד, פינלאַנד. אינ דידאָזיקע לענדער איז

געווען א גרויסע צאָל פאַבריקן. אין פוילן, אשטייגער, איז געווען באַזונדערס אסאך פײַנוואָל־פאַבריקן (לאָדזער ראיאָן). נאָכ דער מילכאָמע זײַנען דידאָזיקע גובערניעס פארוואנדלט געוואָרן אין זעלבשטענדיקע מעלוכעס. און אין אָט די געוועזענע גובערניעס איז דאָכ געווען אסאך פאבריקן, וואָס זײַנען אמאָל אַרײַנגעגאַנ אין דער אלגעמיינער צאָל רוסלענדישע טעקסטיל־פאַבריקן. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז איבער דעם, וואָס פון אונדזער מעלוכע זײַנען אָפּגעגאַנ די געוועזענע מײַרעווּדיקע גובערניעס, האָט אונדזער טעקסטיל־אינדוסטריע אָנגעווירנ זייער אסאך. אונדזער אינדוסטריע האָט אָנגעווירנ 245 אונטערנעמונגען (29,3% פונ דער אלגעמיינער צאָל). אפ דידאָזיקע פאבריקנ זײַנען ביז דער מילכאָמע געווענ באשעפטיקט בא די 80 טויזנט ארבעטער, אפ זיי האָבנ געארבעט בא 2 מיליאָנ שפּינדלענ און בא 40 טויזנט וועבשטולנ, אָבער מער פונ אלע האָט אָנגעווירנ די וואָל־אינדוסטריע: זי האָט פארלוירנ העכער האלב פונ אירע שפּינדלענ און וועבשטולנ!

העכער האלב וואָל־פאבריקנ האָבנ מיר פארלוירנ. ווענ אפילע אזא לאנד, ווי אמעריקע, זאָל איבער וועלכער ס'ניט איז סיבע פארלירנ האלב פונ אירע וואָל־פאבריקנ, איז א סאָפעק, צי וואָלט זי געקאָנט אופשטעלנ איר פראָדוקציע אפילע אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ!..

אָבער מיר האָבנ אָנגעווירנ ניט בלויז די וואָל־פאבריקנ, מיר האָבנ אָנגעווירנ די וואָל אליינ אויכ. פאר דער מילכאָמע איז אינ אוקראַינע געווענ זייער גרויסע טשערעדעס פײַנוואָליקע שאָפ. אָבער פאר דער צײַט פונ בירגערקריג, וואָס האָט זיכ אינ אוקראַינע געצויגנ לענגער ווי אינ אנדערע טיילנ ססרר, איז די אוקראַינישע שאָפ־צוכט צערוּינירט געוואָרנ. און אונדזער

וואָל־אינדוסטריע איז דאָך געווען ענג פאַרבונדן מיט דערדאָ־ זיקער שאָפּ־צוכט. ווי באַלד ס׳איז געוואָרן ווייניקער פּיִנוואָ־ ליקע שאָפּ — איז אויך געוואָרן ווייניקער וואָלענע סכוירעס. ס׳איז דען שווער צו פאַרשטיין עס? אָבער איצטער שטעלט די ראַטנמאַכט ענערגיש אויף די שאָפּ־צוכט. עמעס, מיכאַמאָל קאָן מען עס ניט אָפּטון. מע דאַרף געדולדיקייט און וואָס מער קאַלטבלוטיקייט און באַוווּסטזיניקייט! אַף צו אַנטוויקלען די פּיִנוואָליקע שאָפּ־צוכט גיט מען אויס קאָלאָסאַלע מיטלען, אָבער אָט־די מיטלען איז נאָך פונדעסטוועגן ווייניק. מע דאַרף האָבן מערער געלט, און צוליב דעם איז נייטיק א גרויסע אָנ־ געשטרענגטקייט, אַרבעט, געמיינזאַמע קאָלעקטיווע מי!

דער כאַווער מאַרטינאָוו האָט א קלאַפּ געטון מיטן גראָבן טייטל אין טיש. אָבער אומגעריכט האָט זיך זיין פּאָנעם אויס־ געגלעט פון די בייזע קנייטשן און ס׳האָט אפילע א שמייכל געטון.

— מע וועט מיר, פאַרשטייט זיך, ענטפערן, — האָט רויִק פאָר־ געזעצט דער כאַווער מאַרטינאָוו. — „גוט איז דיר אַזוי צו רעדן, צו דערציילן מייסעס. אָבער אין די רייען שטיין דאַרפן מיר דאָך וואָס דו זאָלסט דאָרט ניט זאָגן, ווי קלוג דו זאָלסט דאָרט אַלץ ניט דערקלערן, אָבער קיין מאַנופאַקטור איז דאָך אַלציינס נישטאָ. און צי וועט זי זיין אַמאָל — ווער ווייסט?״ איך בין מיט אַזוינע רייד ניט מאַסקים. מע קאָן ניט זאָגן, אַז קיין מאַנופאַקטור איז ניטאָ, נאָר מע דאַרף אָנערקענען, אַז ס׳איז ניט גענוג, אַז סע קלעקט ניט. דאָס איז עפּעס אַנדערש. הייסט עס, מע דאַרף מאַכן אַזוי, סע זאָל קלעקן, אַז יעדערער זאָל קאָנען קויפן אַזויפיל מאַנופאַקטור, וויפל ער דאַרף, אין מיר טוען עס — מיט אַלע קויכעס טוען מיר עס. מאַנופאַקטור וועט זיין. אונדז איז

זייער גיט באַוווּסט, אַז עס וועט זײַן, און ס׳איז אַפֿילו פּינקט־לעך באַוווּסט ווען אין וויפֿל סע וועט זײַן!

אינדזער מעלוכע האָט געגעבן אונדז, טעקסטיל־אַרבעטער א וויכטיקע קאַמף־אויפֿגאַבע. מיר האָבן באַקומען א שלאַכט־באַפֿעל אַפּן פֿינפֿיאָר:

1. פֿאַרגרעסערן דאָס אויסאַרבעטן טעקסטיל, אַז עס זאָל אין איין קיין מאַנגל ניט זײַן;

2. אַראָפּזעצן דעם קאָסט פֿון דער [illegible] און אָנזאַמלען מער מיטלען;

3. אַראָפּזעצן די פֿאַרקויף־פּרײַז פֿון דער סכוירע, קעדיי מע זאָל קאָנען וואָס מער פֿאַרקויפֿן, און זי זאָל זײַן צוטריטלעכער פֿאַר די אַרבעטנדיקע;

4. פֿאַרגרייטן וואָס מער אייגענעם רוי־וואַרג און אויסבויען וואָס מער אייגענע טעקסטיל־מאַשינעס, מיר זאָלן ניט זײַן אָפּ־הענגיק פֿון די אויסלענדישע מעלוכעס.

דאָס איז א שלאַכט־באַפֿעל. אַז מיר פֿלעגן אַפּן מיליטערישן פֿראָנט באַקומען א שלאַכט־באַפֿעל, פֿלעגן מיר אים אויספֿירן אָן א שום טערעץ. דערפֿאַר טאַקע האָבן מיר געזיגט אַפּ די פֿראָנטן, וואָס מיר, רויטע אַרמייער, אַרבעטער און פּויערים, האָבן איי־ניק, ניט געקוקט אַפּ שוועריקײַטן, אויסגעפֿילט די שלאַכט־אויפֿ־גאַבעס. מיר זײַנען איצטער אַפּ אַן אַנדער פֿראָנט, אַפּן ווירט־שאַפֿטלעכן פֿראָנט־טייל, אַפּן טעקסטיל־פֿראָנט. מיר מוזן אויס־פֿירן דעם באַפֿעל, וואָס מיר האָבן באַקומען — די שלאַכט־אויפֿ־גאַבע אַפּן פֿינפֿיאָר. וויאַזוי־זשע רעכענען מיר אים אויס־צופֿילן?

צים סאָף פֿינפֿיאָר, אין 1933 יאָר וועלן, מיר אויסאַרבעטן טעקסטיל־סכוירעס צוויי מאָל מער, ווי איצטער. ווען מע זאָל

אונטערעכענענ, וויפל אָט־די סכוירעס וועלנ אָנטרעפנ, וועט זיכ באַקומענ א קאָלאָסאַלע סומע, וואָס איז גלײַכ צום ביודזשעט פונ א גרויסער איראָפּעיִשער מעלוכע. קעדיי צו פארגלײַכנ, לאָמיר זיכ דערמאנענ, אז די סמעטע פונ די מעלוכישע הויצאָעס אונ האכנאָסעס אינ צארישנ רוסלאנד האָט פאר 2 יאָר ביז דער מילכאָמע באַטראָפנ, אנערעכ, 3 מיליארד רובל. אזא סומע האָבנ אויסגעמאכט די הויצאָעס אונ האכנאָסעס פונ דער קאָלאָסאלער צארישער מעלוכע. אנערעכ אינ דערזעלבער צײַט האָבנ די ביודזשעטנ פונ פראנקרײַכ אונ ענגלאנד באַטראָפנ צו צוויי מיליארד רובל אָדער אביסל מער. אפ אזא אויפנ, האָט די סומע פונ די פארמילכאָמעדיקע ביודזשעטנ פונ דידאָזיקע דרײַ מעלוכעס באַטראָפנ אנערעכ 7 מיליארד. אונ אָט צום סאָפ פינפיאָר וועלנ בלויז די טעקסטיל־סכוירעס קאָסטנ מער פונ 8 מיליארד רובל! קומט אויס, אז אינ 1933 יאָר וועלנ מיר אויסארבעטנ טעקסטיל־סכוירעס אפ אזא סומע, וואָס איז אפ אסאכ גרעסער פונ דער סומע פונ די פארמילכאָמעדיקע ביודזשעטנ אינ דרײַ גרעסטע מעלוכעס!

לאָמיר איצטער א קוק טונ, וויפל וועט מענ אויסארבעטנ פארשיידענערליי טעקסטיל־סכוירעס.

אינ דער באוול־אינדוסטריע האָט מענ אינ 1927־28 יאָר אויסגעארבעט שפּינעכצ 322,6 ט. טאָנ. אונ אינ 1932־33 יאָר וועט מענ אויסארבעטנ 630,2 ט. טאָנ. פארטיקע געוועבנ ארבעטנ מיר אויס 2 מיליארד 654 מיליאָנ מעטער. אונ אויסארבעטנ וועלנ מיר פארנ פינפיאָר 4 מיליארד 624 מיליאָנ 700 טויזנט מעטער. ווענ מע זאָל די צאָל מעטער אויסציִענ אינדערלענג, אונ ווענ די איבערפלאכ פונ איראָפּע זאָל זײַנ א גלײַכע, אונ ווענ מע זאָל אפ דעמ זיכ פאָרגעשטעלטנ פלאנ אויסשטעלנ צוויי

גיגאנטישע סטויפעס, אזוי אז אײנער זאָל שטײנ, לאָמיר זאָגנ, אינ ליסאבאָנ, אונ דער צװײטער, אשטײגער, אינ סװערדלאָװסק, אונ (לאָמיר פאנטאזירנ װײַטער!) װענ מע זאָל די צאָל באװל-געװעב, װאָס מיר װעלנ אויסארבעטנ לויטנ פינפיאָר, אָנהײבנ ארומװיקלענ ארומ די דאָזיקע צװײ סטויפעס, װאָלט מענ באַדארפט ארומװיקלענ, אנערעכ, 1156 [1]) מאָל!

אָבער דעמ קױנע אינטערעסירנ ניט אָט-די קאָלאָסאלע צאָ-נ. דער קױנע װיל װיסנ, װיפל װעט ער. א פּאָשעטער סאָװעטישער בירגער, קאָנענ באקומענ באװל-געװעב פאר א יאָר. מיר קאָנענ דידאָזיקע נײַערקײַט טײקעפ באפרידיקנ. מיר קאָנ-ענ מיט א גרעסערער אָדער א קלענערער פינקטלעכקײַט זאָגנ, אז אינ 1932-33 יאָר װעט אפ יעדנ מענטשנ פונ דער באפעל-קערונג אויספאלנ 25—27 מעטער באװל-געװעב. אינ דער הינזיכט װעלנ מיר אריבעריאָגנ ענגלאנד אונ מירנ אָפּשטײנ בלויז פונ אמעריקע!

אסאכ מאָל װעט זיכ פארגרעסערנ די פּראָדוקציע פונ טריקאָ-אויסארבעטונגענ אונ גארבנבינדער-שפאגאט. אנ אומגע-װײנלעכער װוקס מערקט זיכ אָנ אינ דער טריקאָטאזש-אינדוסטריע. אונ טריקאָטאזש האָט פאר אונדז א קאָלאָסאלע װערט, װײַל ער קענ דעקנ דעמ מאנגל אינ װאָלענע סכוירעס. סע װעט זיכ פארגרעסערנ אינ 3½ מאָל די פּראָדוקציע פונ זײַד-געװעבנ. אונ אויב מירנ געדענקענ, אז די פּרײַזנ אפ אָט-די געװעבנ װעלנ מיר אראָפּזעצנ, װעט קלאָר װערנ, אז אויכ דער זײַד װעט צוזאמענ מיטנ טריקאָטאזש אָפּשװאכנ דעמ מאנגל אינ מאנופאקטור!

---

1) אזא גלײַכער מעהאלעכ צװישנ ליסאבאָנ אונ סװערדלאָװסק װאָלט באטראָפנ אנערעכ 4.000.000 מעטער.

ווי איר זעט, מערקט זיכ אָנ אינ אלע גיגאנטנ פונ דער טעקסטיל־אינדוסטריע א באדייַטנדיקער וווּקס. אינ פינעפ יאָר וועלנ מיר ליקווידירנ דעם הונגער אפ מאנופאקטור. שוינ אצינד ווערט וווייניקער רייענ, אונ אינ א צוויי־דרייַ יאָר ארום וועט קיינ רייענ אינגאנצנ ניט זייַנ. וועגנ די רייענ נאָכ מאנופאקטור וועט מענ דערמאָנענ מיט פארוווּנדערונג, ווי וועגנ עפּעס א לאנג־פארגעסענעם. די רייענ וועלנ מיר פונקט אזוי דערשלאָגנ, ווי מיר האָבנ דערשלאָגנ די סאָנים אפ די בירגער פראָנטנ.

דער שלאכט־באפעל איז אָפּגעגעבנ. דאָס פינפיאָר איז ארייַנגעטראָטנ אינ אומפּפערלעכנ טאַט. די אוזבעקער דעקכאנער שטייענ אפ דער וואכ אפ זייערע ברייטע פעלדער. נייַע צוגנ אפ נייַע אייַזנבאנ־וועגנ טראָגנ מיליאָנענ טאָנ רויוואַרג. סאָוועטישע אינזשענערנ בויענ נייַע פאבריקנ אינ מאשינעס. שפינדלעכ דרייענ זיכ. וואַרסטעטנ ארבעטנ. די ארבעטער זייַנענ אפנ שלאכט־פּאָסטנ.

---

קאפיטל ו

# וואָס פאר א לעבנ וועלנ פירנ די טעקסטילער

— זײַנענ קלאָר פאר אײַכ מײַנע רייד? צי דארפ מענ ניט קײנ איבערזעצער? — האָט דער כאווער מארטינאָוו א פרעג געטונ בעײסנ שמועס.

נאָר די אמעריקאנער געסט האָבנ אימ גלײַכ בארויִקט. אײנער פונ זײ, וואָס האָט געקענט אביסל רעדנ אפ רוסיש, האָט אימ אפילע א זאָג געטונ:

— אָ, קאמעראד מארטינאָוו, ווענ איכ קענ אזוי גוט רעדנ רוסיש, ווי איר ענגליש, וואָלט איכ געווענ זײער, זײער גרויס בא זיכ.

כאווער מארטינאָוו האָט זיכ פארויטלט: ער האָט זיכ ניט עריכט, מע זאָל אזוי פארלויבנ זײַנ ענגליש רעדנ.

ס'איז געווענ אָוונט־צײַט. באטאָג האָבנ די אמעריקאנער באקוקט די נײַע הײַזער פאר די ארבעטער, געגעסנ מיטיק אינ דער קיכ־פאבריק, אונ איצט האָבנ זײ זיכ אָפגערוט אינעמ נײַעמ, ניט לאנג אויסגעבויטנ האָטעל. כאווער מארטינאָוו האָט זײ צוגעזאָגט דערצײלנ וועגנ די ענדערונגענ, וואָס וועלנ פאָרקומענ אינעמ לעבנ פונ די טעקסטילער צומ סאָפ פינפיאָר. ער האָט אָנגעהויבנ רעדנ אפ ענגליש אונ זיכ עפעס פארלאָרנ,

פאבריק. דאָסזעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן די טעקסטילער פון געוועזענער מאָסקווער גובערניע.

דאָס צוגעבונדנקייט צום דאָרף האָט דעם רוסישן טעקסטילער געמאַכט אָפּהענגיק פון דער פאבריק, ווו ער האָט געאַרבעט. ער פלעג זיך האַלטן אָפ איין אָרט, לעבן דער היים, און סאָמעד מירע געהאַט ניט אָנצווערן די אַרבעט אָפ דער פאבריק. דעריבער זיינען די טעקסטילער געווען שטיל און געהאָרכזאַם, און דער באַלעבאָס האָט געקענט טון מיט זיי וואָס ער האָט געוואָלט.

און טעקסטילער זיינען דאָך געווען זייער אַסאַך אַפּילע פאַר דער רעוואָליוציע. צום 1־טן יאַנוואַר 1914 יאָר איז אין רוסלאַנד געווען אַרום־און־אַרום 2.700.000 אַרבעטער, פון זיי טעקסטילער — 687.000 מאַן. און קימאַט אַלע זיינען זיי געווען דערשלאָגן, פאַרגרעבט און פאַרפינצטערט. די באַלעבאַטים האָבן זיי אומיסטן געהאַלטן אין אומוויסן, דערצו איז נאָך דאָס לעבן געווען אַזוי שווער און ביטער. אָנהייב רעוואָליוציע אַפּילע, אין 1918 יאָר, זיינען א פערטכיילעק פון אַלע טעקסטילער געווען אַנאַלפאַבעטן. צווישן די פרויען, וואָס זיינען געווען די מערהייט, איז געווען צוויי דריטל אַנאַלפאַבעטן.

אַזוי האָבן אויסגעזען די רוסישע טעקסטילער צום אָנהייב רעוואָליוציע. ס׳איז ערשט נייטיק געווען, דער רוסישער טעקסטילער זאָל זיך אויסקאָכן אין קעסל פון דער רוסישער רעוואָליוציע, קעדיי ער זאָל גאָר אַן אַנדער פּאָנעם באַקומען, ער זאָל ווערן א דרייסטער און אַנטשלאָסענער קעמפער פאַר א בעסער לעבן. און דער רוסישער טעקסטילער איז טאַקע א נייער מענטש געוואָרן. ניין! אונדזער סאָוועטישער טעקסטילער איז שוין מער ניט קיין פאַרגרעבטער, אומבאַוווסטזיניקער

האלב־פויער — האלב־קוסטאר! אפ די פראָנטנ פונ דער רעוואָליוציע, באגלײַכ מיט די מעטאליסטנ אונ בערגער, אונטער דער אָנפירונג פונ אזוינע אײַזערנע באָלשעוויקעס, ווי פרונזע, האָט דער רוסישער טעקסטילער פארשטאנענ, פארוואָס ער דארפ קעמפנ. ער האָט זיכ דערפילט פאר א טייל פונעם מעכטיקנ קלאס, וואָס ברעכט אונ צעשמעטערט די אלטע וועלט אונ מיט זײַנ אײַזערנער האנט בויט ער א נײַע! אונ אז אפ די בירגער־פראָנטנ האָט אָפּגעהילכט דער לעצטער שאָס, אונ דער זיגערישער פראָלעטאריאט האָט זיכ אומגעקערט צו זײַנע ווארסטעטנ אונ מאשינעס — האָבנ די טעקסטילער צוזאמענ מיט אלע איבעריקע ארבעטער אָנגעהויבנ וועבנ די פאָדעמ פונ דער נײַער פעסטער ראטנ־ווירטשאפט. פאר די טעקסטילער איז קלאָר געוואָרנ, אז מע דארפ אָפּווארפנ די אלטע געווינהײַטנ, — די נײַע ווירטשאפט פאָדערט נײַע ארבעט־געוווינהײַטנ, די נײַע ווירטשאפט פאָדערט א נײַעמ ארבעטער!

דאָס פינפיאָר פירט אײַנ ראציאָנאליזאציע אינ דער טעקסטיל־אינדוסטריע: דאָס הייסט, אז ווו ס׳איז נאָר מעגלעכ וועט די האנט־ארבעט פארביטנ ווערנ מיט מאשינ־ארבעט; אלצ אפ דער פאבריק וועט זײַנ אזוי אָרגאניזירט, אז מיט וויניקער צײַט אונ קראפט וועט מענ זיכ קענענ דערשלאָגנ צו גרעסערע רעזולטאטנ. דאָס הייסט נאָכ אָבער ניט, אז ארבעטער־טעקסטילער וועלנ וויניקער ווערנ ווי פריִער. עמעס, יעדער טעקסטילער וועט דארפנ פראָדוצירנ אסאכ מער ווי ער האָט איצט פראָדוצירט. אויב ביז איצט האָט א וועבער אינ א טאָג אויסגעארבעט 50 מעטער גײַג, וועט ער איצטער, לאָמיר זאָגנ, אויסארבעטנ אנדערהאלבנ — צוויי מאָל אזויפיל. פארוואָס־זשע? דערפאר וואָס דער וועבער וועט ארבעטנ אפ בעסערע מאשינעס, בא בעסערע

באדינגונגענ, מיט בעסערנ רויווארג. גאנצ מעגלעכ, אז דער וועבער וועט ארבעטנ אפ אוטאמאטנ, אונ איינ וועבער וועט אנפירנ מיט 70 אוטאמאטנ. אויסערדעמ, וועט ער ארבעטנ מיט אסאכ א גרעסערנ כיישעק... אונ דאכ, כאטש יעדער טעק־סטילער וועט ארויסגעבנ אסאכ מער פראדוקציע ווי פריער, וועט קיינ טעקסטילער ווייניקער ניט ווערנ.

אדעראבע, טעקסטילער וועט ווערנ אסאכ מער ווי פריער! די טעקסטילער האבנ ניט וואס צו זארגנ — קיינ ארבעטסלאזי־קייט שטייט זיי ניט פאר. פארקערט, ס׳איז פאראנ א גרונט צו מיינענ, אז סע וועט ניט סטײַענ קיינ טעקסטילער... אונ טאקע, וויפל האבנ מיר געהאט טעקסטילער ביז ס׳איז ארויסגערוקט געווארנ דער פינפיאריקער פלאנ! אינ 1927־28 יאר האבנ מיר געהאט אינ דער גאנצער טעקסטיל־אינדוסטריע 710.700 אר־בעטער. פאר פינפ יאר דארפ די דאזיקע צאל פארגרעסערט ווערנ אפ העכער 200.000 מענטשנ. ווי־זשע קענ מענ דא רעדנ וועגנ „ארבעטסלאזע“ טעקסטילער? פארקערט, דא דארפ אופ־קומענ גאר אנ אנדער פראגע: פונוואנענ וועלנ זיכ נעמענ 200.000 נײַע טעקסטילער פאר אזא קורצער צײַט?

אינ דער פאמיליע פונעמ טעקסטילער האט זיכ פונ יארנ אנ אײַנגעשטעלט א טראדיציע, אז די קינדער נעמענ איבער פונ די עלטערנ זייער פראפעסיע. אינ אונדזער צײַט, עמעס, ברעכט זיכ אפטמאל די דאזיקע טראדיציע. ניט זעלטנ זעענ מיר, אז א וועבערס א זונ ווערט אנ אינזשענער אונ א שפינערנס א טאכטער — א דאקטערנ. אונ די עלטערנ — טעקסטילער גופע בײַטנ אפטמאל זייער ווארשטאט אפנ... פאלקאמבאט, אפ א מע־לוכע־פאסטנ. געוועזענע טעקסטילער קענ מענ איצט טרעפנ אי צווישנ דיפלאמאטנ אינ אונדזערע אויסלענדישע פארשטייער־

שאפטן, אי צווישן קאָלעגיע־מיטגלידער פון די פאָלקאָמאטן, און אמאָל טאקע צווישן די פאָלקסקאָמיסארן אליין. נאָר דאָס איז שוין גאָר אן אנדער פראגע! איצט איז אונדז נאָר וויכטיק צו פארצייכענען, אז בא די טעקסטילער וואקסן יעדער יאָר אונטער 50.000 מאן! פאר פינף יאָר, הייסט עס, וועלן מיר האָבן א דאָר פון 250.000 נייע יונגע ארבעטער. אין פלאן איז טאקע אזוי פאָרויסגעזען — 250.000 נייע ארבעטער. נאָר פון די אלטע ארבעטער וועט צום סאָף פינפיאָר קיין 710.000 מאן ניט בלייבן. איניקע וועלן שטארבן פון עלטער און קראנקייטן, אנדערע וועלן ווערן אינוואלידן און וועלן איבערגיין אף סאָציאלער פארזיכערונג, א טייל וועט ארויסגערוקט ווערן אף פאראנטוואָרטלעכער ארבעט... דעריבער דארף מען באצייטנס מאכן דעם חשבון, וויפל טעקסטילער וועט אָפפאלן און מיט וועמען קען מען זיי פארבייטן. מע קען זיין זיכער, אז צום סאָף פינפיאָר וועט די צאָל טעקסטילער געמינערט ווערן ניט ווייניקער ווי אף 150.000 מאן, אף זייער אָרט וועלן צוקומען 250.000 יונגע, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט. אָט די יונגוואַרג וועט פארבייטן די אָפגעפאלענע 150 000 און וועט נאָך געבן 100.000 ארבעטער אכוץ. לויטן פלאן אָבער דארף די אלגעמיינע צאָל פארגרעסערט ווערן אף 250 000. ווו־זשע נעמט מען נאָך 150.000? דארף מען טאקע וועגן דעם באצייטנס א טראכט טון.

איצט איז שוין קלאָר, אז צום סאָף פינפיאָר וועלן האָבן ארבעט ניט נאָר אלטע טעקסטילער, נאָר אויך די יוגנט, וואָס וועט צו יענער צייט אונטערוואקסן בא די טעקסטילער. און סע וועט נאָך אלץ זיין קארג. דארף מען וועגן דעם זאָרגן באצייטנס און צוגרייטן די יונגע פון די פאבזאווטשולן און פון אנדערע שולן, אז באגלייך מיט אנדערע פראָפעסיעס, וואָס זיי

קלײַבן זיך אויס, זאָל אויך געגומען ווערן אין אכט די טעקסטיל־פּראָפעסיע. די אלץ שטײַגנדיקע טעקסטיל־אינדוסטריע קען באַזאָרגן מיט ארבעט נאָך צענדליקער טויזנט יונגע בירגער פונעם ראטנלאנד! מע דארף נאָך האָבן אינזינען, אז די טעקסטיל־אינדוסטריע וועט זײַן אינגאנצן איבערגעבויט. די יוגנט דארף זיך אויסלערנען ארבעטן אפן נײַעם שטייגער. דער יונגער טעקסטילער גייט אין פאבריק ארײַן ניט נאָר דאָס שטיקל ציץ צי דעם געוואנט אויסוועבן, — ער דארף געדענקען, אז דאָ באם וועבשטול צי בא דער שפינמאשין באטייליקט ער זיך אין בויען דעם סאָציאליזם.

פאר דער רעוואָליוציע האָט די פראָפעסיע פון א טעקסטילער קיין גרויסן כיישעק ניט געקענט ארויסרופן. כוץ אלע זאכן האָט געשראָקן דער לאנגער ארבעטס־טאָג — 12, 14 און אפילע 16 שאָ.

דער סאָוועטישער טעקסטילער האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן. פונעם לאנגן ארבעט־טאָג איז שוין קיין זיכער ניט געבליבן. וועגן צוועלף שאָ ארבעט א טאָג דערציילט מען נאָר איצט, בעיס מע דערמאנט זיך אין די אמאָליקע שווערע יאָרן. אז אן עלטערער טעקסטילער הערט אמאָל א יונגן ארבעטער זיך קלאָגן אפ דער שווערער האָרעוואניע, ווערט ער אופגעבראכט און זאָגט:

— קיק אים נאָר אָן, דעם קרעכצער. אויך מיר האָרעוואניע! אין אונדזערע צײַטן, פארן באלעבאָס — דעמאָלט האָט מען געהאָרעוועט! צוועלף שאָ אין טאָג פלעגן מיר ארבעטן. פאר שטייסט, יונגערמאן, וואָס דאָס הייסט?

דער יונגערמאן קען זיך עס גאָר ניט פאָרשטעלן, וואָס סע הייסט — צוועלף שאָ!

צענדליקער יאָרן האָבן די טעקסטילער געקעמפט פאר אן אכטשאָעדיקן ארבעטס־טאָג, איצט האָט די ראטנמאכט דורכגעפירט א געזעץ וועגן אכט שאָ ארבעט אין טאָג. נאָר אכט שאָ איז אויך צופיל. אכט שאָ איז שוין איצט ניט קיין אידעאל. באזונדערס פאר פרויען. אז די ארבעטערן קומט פון דער פאבריק צי פון זאוואָד, הייבט זי ערשט אָן פאָטיען אינדערהיים. אפ אָט דער ארבעט גייט בא איר אװעק העכער 60% צײַט, ד. ה. נאָך זעקס שאָ. און העכער העלפט טעקסטילער זײַנען דאָך פרויען. קומט אויס, אז די טעקסטילערן האָרעוועט אָפ אכט שאָ אין פאבריק און דערנאָך נאָך זעקס שאָ אינדערהיים...

די ראטנמאכט וויל אָבער, אז דער ארבעטס־טאָג זאָל פאקטיש, רעאל זײַן פארקירצט, אז אי דער ארבעטער, אי די ארבעטערן זאָלן האָבן א פולע מעגלעכקײַט אָפרוען און זיך לערנען נאָך דער ארבעט. דארפ מען דאָך דערופ האָבן גענוג פרײַע צײַט. האָט דער מאניפעסט פון צאק צום 10־טן יאָרטאָג פון דער רעוואָליוציע טאקע פארקירצט דעם ארבעטס־טאָג אפ א שאָ: צום 1־טן אָקטיאבער 1929 יאָר זײַנען שוין 170.000 טעקסטילער אריבערגעפירט געוואָרן אפ 7 שאָ ארבעט. צום סאָפ פינפיאָר וועט די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע אריבערגעפירט ווערן אפ 7 שאָ ארבעט.

צי איז פאראן בא די קאפיטאליסטן כאָטש איין לאנד אזא, ווו טעקסטילער זאָלן ארבעטן 7 שאָ? אדעראבע, מע קען מיט פולער זיכערקײַט זאָגן, אז אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, זײַנען די טעקסטילער ערשט געצווּנגען קעמפן פאר אן אכטשאָעדיקן ארבעטס טאָג!

מע דארפ אָבער וויסן, אז בא אונדז אין ראטנפארבאנד איז

זיבנשאָ:קער ארבעטס־טאָג אויכ ניט קיינ אידעאַל. דער פינפ־יאָריקער פלאַנ האָט אָנגעמערקט אריבערצופירנ די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע אפ 7 שאָ ארבעט. דאָס איז דאָכ אָבער ערשט אנ אָנהייב. צוויי מיט א האלב יאָר פונעמ פינפיאָר זײַנענ שוינ איבערגעגאנגענ. דער סאכאקל פונ דער ערשטער העלפט האָט געוויזנ, אז אינ פיל צווײַגנ פונ דער אינדוסטריע איז דער אָנגעמערקטער פלאַנ אויסגעפילט אריבער אונ אריבער. שוינ צײַט א טראכט טונ וועגנ צווייטנ פינפיאָריקנ פלאַנ. דער מעלוכע־פלאַנ האָט שוינ אפילע אָנגעמערקט די אלגעמיינע ליניע פונ אָט דעמ פלאַנ. אונ דאָס צווייטע פינפיאָר פארקירצט נאָכ אפ א שאָ די ארבעטס־צײַט פונ די טעקסטילער, ווי אויכ פונ אנדערע ארבעטער. די טעקסטילער וועלנ אזויארומ שוינ ארבעטנ ניט קיינ צוועלעפ שאָ, ניט קיינ אכט אונ ניט קיינ זיבנ אפילע, נאָר זעקס שאָ!

דעמ סאָוועטישנ טעקסטילער וועט בלײַבנ גענוג פרײַע צײַט נאָכ דער ארבעט, אז ער זאָל קענענ רוענ אונ לערנענ זיכ, ווי סע פאָדערט פונ אימ דער נײַער שטייגער.

מע קענ זיכ לײַכט פאָרשטעלנ אזא בילד: אכט אזייגער אינדערפרי טרעט צו דער טעקסטילער צו דער ארבעט. ער ארבעט אָנגעשטרענגט, נאָר אָנ אײַלעניש, אָנ בעהאָלע. דער אווטאָמאט טוט זיכ זײַנ זאכ. דער טעקסטילער גיט אפ אימ גוט אכטונג. ער גייט ארומ אפ דער וואכטע צווישנ די מאשינעס, וואָס געפינענ זיכ אינ זײַנ רעשוס, גיט דאָ א פאָרקע אונ דאָרט א טאָרקע, שליסט אויס אונ שליסט אײַנ די עלעקטריע. כאפט א קוק אפנ ציילער: ווי האלט עס מיט דער פראָדוקציע. קיינ איינ מינוט פאטערט ער ניט אומזיסט. אינ דרײַ שאָ ארומ — עלעפ אזייגער — א סיגנאַל: דאָס רופט מענ צו איבערבײַסנ. דער טעקסטילער

וואַרפט אראָפּ פונ זיכ די ספּעצ־קליידער און קומט ארײַנ אינ א ליכטיקער זאַל, ווו מע קענ זיכ זעצנ בא א ווײַסנ מאַרמאָר־טישל און געשמאַק אָפּעסנ. אפ א גרויסנ טיש ליגנ אויסגעלייגט אינ אָרדענונג פרישע צײַטונגענ און זשורנאַלנ אפ אלע שפּראַכנ אינ רויטנ ווינקל קומט פאָר א לעקציע פונ א דאָקטער צי פונ א יוריסט, פּעדאַגאָג, פּראָפּאַגאַנדיסט וועגנ אנ אקטועלער צאַפּלדיקער פראַגע. אינ א ספּעציעלנ ווינקל קענ מענ הערנ א ראַדיאָ־קאָנצערט אָדער א ראַדיאָ־שמועס. און אז מע־וויל גאָר, זעצט מענ זיכ אוועק אפ דער פרײַער שאָ צום שאַכמאַט־ברעטל, און מע שליסט איבער דעם מויעכ פונ דער מידער אַרבעט בא דער מאַשינ אפּ אנ אינטערעסאַנטער רויִקער שפּיל!

ווידער א סיגנאַל — די האַפּסאָקע איז געענדיקט, און דער טעקסטילער איז ווידער בא דער מאַשינ. דער זייגער יאָגט, די אַרבעט גייט איינס נאָכ איינס, אָנ אנ איבעררײַס. דער טעקסטילער איז אָנגעשטרענגט און מונטער, ווי נאָכ א דוש. דער זייגער קלאַפּט אויס דרײַ — געענדיקט זיכ דער אַרבעט־טאָג. דער טעקסטילער גייט איבער א צווייטנ די וואַכטע באַם אוטאָ־מאַט און לויפט אוועק אינ רעסטאָראַנ עסנ וואַרמעס. אזייגער פיר איז ער שוינ אנ איבערגעטונענער, נעמט דעם פּאָרטפעל אינ דער האַנט און לאָזט זיכ גײַנ אינ אוניווערסיטעט, אָדער אפ קורסנ, אינ מוזיי, אפ א סעאַנס פונ טאָנ־קינאָ, אינ טעאַטער, אָדער ער כאַפּט זיכ אראָפּ מיט דער עלעקטרישער באַנ אינ דער גרינער שטאָט ארײַנ, צי אינ קלוב אפ א באַריכט...

דער טעקסטילער קערט זיכ אום פאַרפרי אהיימ. צוליב וואָס זאָל ער זיכ לייגנ שפּעט, אז מע קענ אלצדינג אָנקוקנ און אָפּטונ באַצײַטנס? בעסער זיכ לייגנ פרי שלאָפנ, ער זאָל איבּ־דערפרי זײַנ מונטער און וואַכ בא דער אַרבעט.

אָט אזוי קען זײַן — און טײלווײַז איז איצט שוין אפילע — אײַנגעשטעלט דער טײדער פון טאָג באם סאָוועטישן טעקסטילער.

דער סקעפּטיקער פון „באלעבאטישן גראד" פארקרימט דאָס פּנים, גיט א דריי מיט דער נאָז און טוט א בורטשע.

— יאָ, דאָס אלץ איז זײער גוט, זײער פֿײַן. וואו־זשע נעמט מען אָבער געלט אפ די אלע גוטע זאכן? וואָסערע סכירעס דארף דער טעקסטילער נעמען, אז ער זאָל זיך קענען אָנקוקן און אָנעמען מיט די אלע פארגעניגנס?

סכירעס — עמעס. מע טאָר אין דעם ניט פארגעסן. נאָר ווער־זשע פארגעסט דען? מע דארף אָבער געדענקען ניט נאָר די איצטיקע, נאָר אויך די אמאָליקע סכירעס — פאר די צײַטן פונעם קייסער און פון די באלעבאטים.

אין 1913 יאָר האָט דער טעקסטילער דורכשניטלעך אין דער גאנצער טעקסטיל־אינדוסטריע באקומען זיבעצן רובל א חודש פון דידאָזיקע געלט האָט דער טעקסטילער מיט זײַן פאמיליע קאָם געהאט אפ דורכצוקומען. איצטער פארדינט דער טעקסטילער 56 רובל א חודש. דעמאָלט זײַנען, עמעס, די פּרײַזן געווען נידעריקערע. נאָר פאר דער פאמיליע האָט דאָך דער טעקסטילער פון זײַנע פארדינסטן געדארפט צאָלן דירע־געלט (גאנץ היפּש!), פאר שוכווארג, פאר קליידער, פאר עסן, פאר א רעפוע און פאר אסאך אנדערע זײער נייטיקע זאכן, וואָס אפ אויסרעכענען זיי אלע וואָלט קיין צײַט ניט געסטײַעט. האָבן מיר דען־געקענט סטײַען די 17 קארבאַנצעס א חודש? ווען א הויסאָפּע האָט ער נאָר געקענט טראכטן אין חלום. דאָס איז געווען געוועדעט פונעם באלעבאָס ווילן. דער באלעבאָס, אז ער וויל, איז ער א גוטער, און אז ער וויל, איז ער א שלעכטער. האָט

טעקסטילער קײנ ברײרע ניט געהאט אונ געמוזט וואַרטנ ביז דער באַלעבאָס וועט זיכ אַמאָל דערמאָנענ געבנ א הויסאָפּע. וואַרטנ האָט מענ געדאַרפט זײער לאַנג. דעמאָלט האָבנ די טעקסטילער זיכ צונויפגענומענ אונ געמאַכט א שטרײַק. דורכ א שטרײַק פלעג זיכ אַמאָל אײַנגעבנ אַרויסרײַסנ א הויסאָפּע בײַ די באַלעבאַטימ. קעדײ צו דערשלאָגנ זיכ עטוואָס א העכערנ, געהאַלט, האָט מענ געדאַרפט אָנקומענ צו א שטרײַק! פיל טעקסטילער זײַנענ אומגעקומענ, געפאַלנ אינ שווערנ קאַמפּ אָדער אָפּגעפוילט אַסאַכ יאָרנ אינ די טורמעס אונ אינ פאַרשיקונג.

איצט באַקומט דער טעקסטילער דורכשניטלעכ 56 רובל. אָבער דאָס העכערנ דעמ לוינ הענגט איצט ניט אָפּ פונעמ ווילנ פונ אײנ מענטשנ — דעמ דירעקטער, לאָמיר זאָגנ. נײנ, דאָס הענגט אָפּ פונ א באַשטימטנ געזעצ. אונ דער געזעצ איז א גאַנצ פּאָשעטער: אַז סע שטײַגט די פּראָדוקטיווקײַט פונ דער אַרבעט, שטײַגט אויכ דער לוינ. וואָס גרעסער ס׳איז די אַל־געמײנע פּראָדוקטיווקײַט אינ דער טעקסטיל-אינדוסטריע, אַלצ העכער איז דער לוינ פונעמ טעקסטילער. נידעריקער ווערנ קענ דער לוינ ניט. דער קאָלעקטיווער אָפּמאַכ מערקט אָנ די גרע־נעצנ, וואָס ווײַטער קענ דער לוינ ניט געמינערט ווערנ. העכערנ אָבער דעמ לוינ קענ מענ יאָ, אונ ער העכערט זיכ אונ וועט זיכ נאָכ העכערנ. צומ סאָפּ פינפיאָר וועט דער לוינ פונעמ טעקסטילער זיכ העכערנ דורכשניטלעכ פונ 56 ביז 80 רובל, אָדער אָפּ 43%, אונ די פּרײַזנ אָפּ די סכוירעס וועלנ צו יענער צײַט זיכ אַראָפּלאָזנ אָפּ 20%. הײסט עס, אַז דער טעקסטילער וועט באַקומענ א העכערנ לוינ, אונ אינ דערזעלבער צײַט וועט ער צאָלנ נידעריקערע פּרײַזנ פאַר די סכוירעס, וואָס ער וועט

קויפּן. קומט אויס, אז דער רעאלער אַרבעטלוין פונעם טעקסטילער וועט זײַן געהעכערט ניט אַף 43%, נאָר אַף 63%—65%.

בא אזא געהעכערטן לוין וועט זיך דעם טעקסטילער לעבן אַסאַך בעסער איידער איצט. ער וועט האָבן אַ מעגלעכקײַט זיך גוט אָנטון. אין קליידער וועט דעמאָלט קיין מאנגל ניט זײַן, און דער טעקסטילער וועט קענען צוקומען צו דעם.

אַ היפּשער טייל פונעם טעקסטילערס ביודזשעט איז אוועקגעגאַנגען אַף דערנערונג. פאַר דער רעוואָלוציע פלעג דער טעקסטיליער עסן טרוקנס. געקעכץ איז געווען נאָר אַף יאָנטעיו. אַ קעפּל פון אַ הערינג און אַ טרוקן שטיקל ברויט—דערמיט איז ער אָפּגעקומען דעם טאָג. איצט עסט דער טעקסטילער „ווי אַ מענטש". די קינדער זײַנען זײַנען באַזאָרגט אין שול מיט הייסע אָנבײַסנס, און ער אַלײן באַקומט אויך לויט דער נאָרמע פאַר אַן אַרבעטער גענוג שפּײַז־פּראָדוקטן אַף צו דערנערן זיך.

נו, און די פרוי, די אַרבעטערן? זי דאַרף דאָך נאָך פאַטערן עטלעכע שאָ צײַט אַף צוגרייטן דאָס עסן. אינדערפרי שטייט זי אוף פאַרטאָג, מאַכט אין אײַלעניש, אַפן פרימוס צי אַפן אויווען, אַלעמען איבערבײַסנס און לויפט אַוועק אַפגיך צו דער אַרבעט. נאָך דער אַרבעט דאַרף מען ווידער זיך כאַפּן צוגרייטן דעם וואַרעמעס—אַרײַנטראָגן וואַסער, אָנהאַקן שפּענער, אָנשיילן קאַרטאָפל...די ביינער ברעכן נאָך פון דער אַרבעט אין דער פאַבריק, און דאָ דאַרף מען זיך ווידער שטעלן צו דער פּליטע.

דער מאַן און די קינדער קומען צו גיין פון דער אַרבעט, זיי ווילן אָפּעסן און זיך אויסרוען. נאָר ווער רוען, וואָס רוען? פונעם אויווען גייט אַ רויך און אַ טשאַד. דער פּרימוס הודעט און פאַרהילכט דעם קאָפּ—זיבן מאָל ערגער איידער בא דער

מאשינ! די פרוי דערלאנגט דעם ווארעמעס, אליינ אָבער פאלט זי שוינ א מידע פונ די פיס. זי האָט זיכ אָנגעגעסנ אינ קיכ מיט רויכ, אונ איצט קאָנ זי שוינ ניט נעמענ גאָרניט אינ מויל אריינ... דערנאָכ ערשט דארפ מענ גיינ זיכ שטעלנ אינ דער ריי נאָכ פּראָדוקטנ, נאָכ ברויט. ווו־זשע נעמט מענ עס אזויפיל צייט אונ קויכעס אפ דעם אלעמענ?

די דערנערונג פארנעמט דאָכ אָבער פאָרט א וויכטיק אָרט ניט נאָר אינעם פינאנצ־ביודזשעט, נאָר אויכ אינ דער צייט־פאר־טיילונג פונעם טעקסטילער: דער ארבעטער לייַדט שטארק, אויב דאָ איז ניט אלצ ווי עס דארפ צו זייַנ.

די טעקסטילערנ איז אויסגעמאטערט פונעם לאנגנ שטיינ אינ דער ריי צי באַם פרימוס, גיט זי אפגיכ א זופּ דאָס ביסל טיי, וואָס איז פול מיט רויכ, אונ קומט צו גיינ אפ דער פאבריק שוינ א צעבראָכענער מענטש — דער קאָפּ דרייט זיכ, די הענט ציטערנ אונ טוענ ניט דאָס וואָס מע דארפ, די פיס רירנ זיכ קאָם. בעייס מע דארפ מאכנ א פלינקע אונ א שנעלע באוועגונג... וואָס־זשע באקומט זיכ דערפונ? דערפונ באקומט זיכ בראַק — צעטריפּעטע פאָדעמ, צעקאָשמעטע געוועב, קויטיקע אונ צעפּלאָנ־טעטע קוויטנ, פליאמעס פארב. טוט עס דענ אָבער די טעקסטי־לערנ אומיסטנ?

„אז מע עסט ניט אָפּ צו זאט, גייט די ארבעט ניט גלאט — פלעג ליב האָבנ צו זאָגנ איינע אנ עלטערע טעקסטילערנ — די הענט ווערנ ווי די קלעצער, דער קאָפּ גייט כאָדאָראָם, די אויגנ קריכנ פונ די לעכער ארויס, אונ ווער שמועסט, אויב מע צעקריגט זיכ נאָכ פונ אינדערפרי מיט עמעצנ".

דאָ פלעג זי א מאכ טונ מיט דער האנט אונ אנשוויגנ ווערנ.

װײַזט אויס, ס'איז איר געװען ניט אײַנגענעמען צו דערמאנען זיך אין די קריגערײַען פארן פרימאָרגן...

די אומזיסט־און־אומנישטיקע װײַבערישע קריגערײַען אין קיך צי אין דער רײ ערגעץ זײַנען דאָך אן אומגליק פאר דער פּראָדוקציע. שטעלט אײַך פאָר, סע קלײַבן זיך צונויף אין קיך ארײַן צװײ־דרײַ טעקסטילערנס, װאָס װױנען אין אײן הויז. דאכט זיך, װאָס האָבן זײ צװישן זיך פאר אן אסאָקים? אָפּגעקאָכט די אָנבײַסנס, טאָ גײט אײַך געזונטערהײט אין אײַער רו ארײַן. איז נײן! שטעלט אײנע אװעק דעם פּרימוס ניט אפן שטענדיקן אָרט, און די צװײטע נעמט צו בא דער. דריטער א קעסטעלע מיט שװעבעלעך, און די דריטע שטעלט זיך אװעק צו לאנג באַם קראן פון דער װאסער. קען אײנע פון זײ קײן אװלעס ניט פארלײַדן און כאפּט זיך ארויס מיט א װאָרט. פארקאָכט זיך עס א כאסענע... אפ די טישן ברענען די פארגעסענע פּרי־מוסן, פון קראן גיסט זיך די װאסער, לעבן דער באנקע מיט ספּירט טליִעט אן אָנגעצונדן שװעבעלע. אין קיך איז א טשאד, א זידלערײַ און א געפּילדער. קײנער הערט ניט, װאָס די צװײטע רעדט. יעדערע רעכנט, אז זי איז די באלײדיקטע, לױפט אװעק אהײם מיט פולע אויגן מיט טרערן, בוכעט אָן די קלײנע קינדער, לאָזט אויס איר הארץ צום מאן. און דערנאָך? דערנאָך קומט די טעקסטילערן אפ דער פאבריק א צעררודערטע, א דער־שלאָגענע... די ארבעט גײט ניט אפ א לאד, סע פאלט אלצדינג פון די הענט, פונעם רױװארג װערט א טעל, די פּראָדוקציע טױג אפ צאָרעס. און אזעלכע זאכן טרעפן זיך דאָך גאנץ אָפט.

די ראטנמאכט האָט באפרײַט די פרױ פון אונטערדריקונג, און דאָ ליגט אפ איר דער אָל פון דער קיך — פון אלטן, פאריפעשטן פארטשאדעטן קיך־שטײגער. קען שױן די פרױ טראכטן עפּעס

פונ גראמאָטע, קורסנ, קינאָ, פונ טעאַטער, עקסקורסיעס, אַז דער אריוונ טשאדעס, אונ אינ קיכ שטײט א בארג מיט פארסמאליעטע טעפ אונ שמוציקע טעלער?

פונ אָט דעם אלכנ פאריפּעשטנ שטײגער קענ מענ פּאָטער... נ בלויז דורכ אײנ מיטל: דורכ עפּענענ געזעלשאפטלעכע גאָרקיכנ. געזעלשאפטלעכע דערנערונג — דאָס איז דאָס אײנ־ציקע געווער, וואָס קענ מיטהעלפנ אָפּצוראָמענ פונ דער סאָ־וועטישער ערד דעמ צעפוילטנ קיכ־שטײגער.

פאר די לעצטע יאָרנ האָט מענ מאקע אינ די גרויסע אינ־דוסטריעלע צענטרענ אופגעבויט ניט קײנ אײנ קיכ פאבריק. אינ דער ציצענער הויפּטשטאָט פונ ראטנלאנד — איוואנאָווא־וואָז־נעסענסק — האָט מענ אויסגעבויט אײנע פונ די ערשטע קיכ־פאבריקנ. לעכאטכילע איז די פאבריק געווענ אויסגערעכנט אפ עטלעכע טויזנט וואַרעמעסנ, נאָר דערנאָכ איז קלאָר גע־וואָרנ, אז מע דארפ האָבנ אפ עטלעכע צענדליק טויזנט. אינ איוואנאָווא־וואָזנעסענסק אלײנ וועט אינ פארשײדענע טײלנ פונ שטאָט זײַנ דרײַ פאבריקנ אזוינע.

אינ דער קיכ־פאבריק ווערט די גאנצע ארבעט אָפּגעטונ מיט מאשינעס. מאשינעס שײלנ די קארטאָפל, בראָקנ די קרויט, שנײַדנ די ציבעלעס, צערײַבנ דעמ פעפער, האקנ אײַנ דאָס פלײש אפ קאָטלעטנ אָדער צעשנײַדנ עס אפ שניצלענ, ראָסטבּיפנ... אינ א גרויסער קיכ, ווו אלצדינג בליצט אונ שעמערירט פונ רײנקײַט, אפ ספּעציעלע צעמענטענע פידמורקעס, שטײענ קעס־לענ אויסגעשטעלט אינ א שורע, ווי די סאָלדאטנ, אונטער זײ איז ארײַנגעפירט גאז־באהײצונג, די וואסער זידט דאָרט אופ מיט דער מינוט אונ קאָכט אויס זײער שנעל דאָס גרינס אונ דאָס פלײש. דער קוכער דארפ ניט קריכנ מיט דער לעפל אינ

קעסל אריַין צו פארזוכן דאָס געקעכץ. פראָפעסאָרן־קולינארן שטעלן פריִער איַין פינקטלעך, וויפל פראָדוקטן דארף מען נעמען פאר דעם און דעם געריכט, וויפל ציַיט דארף זיך עס קאָכן... דער קוכער גיט נאָר א קוק אפן זייגער, ווייסט ער שוין, צי דער ווארעמעס איז פארטיק צי ניין. אז אפן זייגער ווערט פארטיק דער ווארעמעס, טוט מען א קוועטש די קנאָפּקע אין וואנט, הייבט זיך אָן ציִען א באוועגלעכע לענטע מיט ריין אויס־געוואשן געפעס. די קוכערס לייגן אָן דאָס עסן אין די טעלער, און קעלנערנס אין וויַיסע כאלאטן צעטראָגן זיי איבער די טישן... אין קיך־פאבריק ווערט אלץ אָפגעטון מיט דער מאשין, נאָר צעטראָגן דאָס עסן צעטראָגט דער מענטש.

דער טעקסטילער קומט צו גיין אין דער קיך־פאבריק מיט דער גאנצער פאמיליע זיַינער. ס׳איז דאָרט ריין, ציכטיק, די ווארעמעסן זיַינען געשמאק, זעטיק און ביליק — פארוואָס־זשע זאָל אים ניט ציִען אהין? בעיס מע גייט אפ דער ארבעט, כאפט מען זיך אריַין אין גאָרקיך נעמען עפעס אין מויל אריַין, דער איבערביַיסן ליגט שוין צוגעגרייט אפ די טישלעך. און אז מע גייט צוריק פון דער ארבעט, קומט מען ווידער אהין אריַין ווארעמעס עסן. מע האָט ניט צו טון מיט קיין פרימוס, מיט קיין געפעס. אזעלכע גאָרקיכן עפענען זיך בא אלע טעקסטיל־פאב־ריקן. מע דארף ניט גיין וויַיט נאָכן ווארעמעס: גליַיך ווי מע ענדיקט די ארבעט, קומט מען אריַין און מע עסט אָפ גע־שמאק און צו זאט.

פארשטייט זיך, אז בא דער טעקסטילערן באזונדערס בליַיבט דעמאָלט גענוג פריַיע ציַיט אפ צו לערנען און זיך אויסרוען באגליַיך מיטן מאנצבל. ס׳איז קלאָר, אז די קיך־פאבריקן, וואָס זיַינען איצט אויסגעבויט איבערן גאנצן פארבאנד, העלפן מיט

צו פאַרבעסערן די פּראָדוקציע. די קיך־פאַבריק באַפרײַט די פרוי
פונעם סאָפּ און פונעם פּרימוס. די טעקסטילערן קומט צו גיין
אַף דער פאַבריק אַן אויסגעשלאָפענע, אַ זאַטע און אַ צופרידענע,
אַרבעט זי טאַקע איפּמערקזאַם, גיט גוט אַכטונג אַף יעדער באַ־
וועגונג פון דער מאַשין... אויסערדעם קאָסט דאָס עסן אין גאָר־
קיך אַסאַך ביליקער פונעם היימישן עסן. די געזעלשאַפטלעכע
דערנערונג שפּאָרט איין דעם טעקסטילער אַ טייל פון זײַן פאַר־
דינסט. אָבער דערנערונג — דאָס איז דאָך נאָר איין זײַט פונעם
טעקסטילערס שטייגער־לעבן. אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז פאַר דער
רעוואָליוציע האָט דער טעקסטילער ניט נאָר ניט געהאַט וואָס צו
אָפּעסן, ער האָט אויך ניט געהאַט וווּ צו וווינען. דער טעקסטי־
לער מיט זײַן פאַמיליע האָבן ניט געהאַט וווּ אַהינצוטון זיך.
ער פלעגט זיך וואַלגערן מיט ווײַב און קינדער אין ערד־שטיב־
לעך און אין ענגע קעמערלעך — פינצטערע קוואַרים פאַר לעבע־
דיקע מיתים. פונעם שטויב אין דער פאַבריק ווערן פאַרלייגט
די לונגען באַם טעקסטילער, און אינדערהיים אינעם נאַסן
קעלער פוילן זיי פון ווילגאַט.

ווי נאָר די סאָוועטישע אינדוסטריע האָט זיך פאַרפעסטיקט און
זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען, האָט מען ניט נאָר פאַבריקן אָנגעהויבן
בויען נאָר אויך וווינונגען. אויס נאַסע קעלערס! די טעקסטילער
מיט זייערע פאַמיליעס האָבן לעכאַטכילע זיך איבערגעקליבן צו
די באַלעבאַטים אין די פּאַלאַצן, און דערנאָך אין די אַרבעט־
טער־הײַזער. אין איין איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסק האָט מען פאַר
אַ קורצער צײַט אויפגעבויט הונדערטער נײַע הײַזער פאַר צענד־
ליקער טויזנטער טעקסטילער.

פריער האָט מען די נײַע הײַזער געבויט הינטערן שטאָט, גע־
שאַפן נײַע אַרבעטער־יישובים, וואָס זײַנען באַשטאַנען פון ניט

קיינ גרויסע צווישטאָקיקע הייזער, ענלעכ אפ די ענגלישע קאָטעדזשנ.

די הייזער זיינענ געוואָרנ גלייכער און האָבנ אויסגעזענ, ווי שיינע הילצערנע קאַסטנס. פאַר יעדער ארבעטער־פאַמיליע האָט מענ אויסגעטיילט א באַזונדער וווינונג צו 2—3 צימערנ מיט א קיכ — דאַפקע מיט א באַזונדער קיכ! די אָנפירער פונ דער בויונג האָבנ לעכאַטכילע אליינ געזאָרגט דערפאַר, אז אינ די נייע הייזער זאָלנ זיינ באַזונדערע קיכנ. די ארבעטער־פאַמיליע קלייבט זיכ אריבער אינ דער נייער וווינונג אריינ מיט די אַלטע בעבעכעס. די באַלעבאָסטע קענ זיכ בעשומויפנ ניט צעשיידנ מיט אירע טעפ און מיט די קעסעלעכ און מיט די קאָטשערעס. אינ א פאָר כאָדאָשים ארום ווערט אינ קיכ פונ דער נייער וווינונג שוואַרצ די סטעליע, הינטערנ אויוונ קלייבנ זיכ אָנ טאַראַקאַנעס, אינ די ווינקלעכ ליגט צונויפגעשאַרט דאָס ניט־אופגעראַמטע מיסט... און כאָטש דאָס הויז איז א נייס, און מע האָט אויסגעטיילט פאַר יעדער ארבעטער-פאַמיליע א גאַנצ גראַמע וווינונג, — איז די שטוב דאָכ פארבליבנ באַם אַלטנ שטייגער. די שוואַרצע בייכיקע טעפ פארנעמענ דאָ נאָכ אַלצ דעמ אויבנאָנ.

ניט אזוי האָט מענ געדאַרפט בויענ נייע וווינונגענ פאַר די ארבעטער. האָט מענ טאַקע אָפּגעשטעלט די קליינע הייזער און זיכ גענומענ בויענ נייע גיגאַנטישע מויערנ. פאַר די לעצטע 2—3 יאָר האָט מענ אופגעבויט פאַר די טעקסטילער א היפשע צאָל נייע הייזער אינ איוואַנאָוואָזנעסענסק, אָרעכאָוואָ־זויעוואָ, לענינגראַד, מאָסקווע, ניזשני־נאָווגאָראָד, אינ אוזבעקיסטאַנ. טראַנסקאַווקאַז. מערסטנטייל זיינענ דאָס ווייסע מויערנ מיט בלויע קאַרניזנ, אָדער גרויע מיט שוואַרצע פענצטער־ראַמענ און

**האלב־רונדע באלקאָנעס — גיגאנטישע מיִערן אָפגעסטילט איינער פונ אנדערנ מיט גרינע פלעצער אונ אכפאלסטענע שטעגנ.**

אינעווייניק אינ די היַיזער איז אלצדינג ניַי אונ באקוועם. די וווינונגענ זיַינענ אָנ קיכנ. דער ליפט הייבט אופ אונ לאָזט אראָפ די טעקסטילער אינ עסצימער, אינ קינאָ, אינ קלוב, אינ ליִענזאל, אינ צימער פאר שטילער ארבעט... אינ יעדער וויגונג אינ א באזונדער ווינקעלע שטייט א ראדיאָ־אופנעמער, אינ עסצימער צי אינ קלוב קענ מענ אויכ הערנ דעמ הויכרעדער.

דער טעקסטילער וווינט מער ניט צונויפגעשפארט אינ ענגשאפט מיט זיַינ געזינדל. די קינדער שלאָפנ אינ א באזונדער צימער אפ באזונדערע בעטלעכ. פאראנ אפילע אזוינע היַיזער, ווו די קינדער זיַינענ אינגאנצנ אָפגעטיילט פונ די עלטערנ. פאר זויג־קינדער זיַינענ בא די היַיזער צי בא די פאבריקנ איַינגעארדנט יאסלים. אָוונט־צו, אויב די מוטער וויל גייִנ אינ טעאטער צי אפ אָוונט־קורסנ, טראָגט זי אָפ די קינדער אינ א אלגעמיינעמ קינדער־צימער. אָט דער אלגעמיינער קינדער־צימער, ווו די איַינוווינער קענענ איבערלאָזנ די קינדער ניט נאָר אפ טאָג, נאָר אויכ אפ דער נאכט, — דאָס דארפ באזונדערס פארצייכנט ווערנ אינ די ניַיע ארבעטער־היַיזער. דעמ טעקסטילערס קינדער שפילנ זיכ, שפאצירנ אונ ארבעטנ אונטער דער אָנפירונג פונ ביאָניִעס אונ דערציִערנס.

פיל טעקסטילער וווינענ אָבער נאָכ אלץ אינ פריוואטע דירעס. אינ שמוציקע קעמערלעכ, וויַיט פונ דער פאבריק. מע דארפ בויענ, שנעל דארפ מענ בויענ ניַיע היַיזער — גיגאנטנ. לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ וועט מענ אויסגעבנ אפ ניַיע היַיזער פאר די טעקסטילער העכער 200 מיליאָנ רובל! קאָלאָסאלע

שטרעקעס וועלן פֿאַרבויט ווערן מיט נײַע הײַזער. פּוסטע פֿעלד־
צער מיט דערנער פֿאַרוואַקסענע, ענגע שמאָלע געסלעך, וווּ
סע טולען זיך איצט איינס צום צווייטן קליינע הילצערנע שטיבּ־
לעך, וועלן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין נײַע אַרבּעטער־ייִשובֿים.
דאָרט וווּ מע פֿלעג אַמאָל מוירע האָבּן דורכצוגיין די גאַס
בּאַנאַכט — וועט העל לײַכטן עלעקטרישע שײַן. איבּער די קווי־
טיקע בּלאָטיקע גאַסן, וווּ די אַרבּעטער פֿלעגן זיך שלעפּן שאָ־
ענוויַיז פֿון דער אַרבּעט, וועלן דורכגעפֿירט ווערן שאָסיי־וועגן,
און סע וועלן אומיאָגן אויטאָבּוסן. ריינע געזונטע וואַסער וועט
אין מעכטיקע טרויבּן רינען אין די הײַזער. די טעקסטיל־פֿאַבּ־
ריקן וועלן צום סאָף פֿינפֿיאָר אַרײַנזעצן אין נײַע וווינונגען קי־
מאַט הונדערט טויזנט אַרבּעטער! דער וווינונג־שעטעך פֿון די
טעקסטילער וועט זיך פֿאַרגרעסערן אויף העכער אַ מיליאָן קוואַ־
דראַט־קילאָמעטער.

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק! דאָס ערשטע פֿינפֿיאָר וועט געבּן
אַ מעגלעכקייט אַ קאָלאָסאַלע מאַסע טעקסטילער צו לעבּן אין
קולטורעלע וווינונג־בּאַדינגונגען. סע דאַרפֿן אָבּער לעבּן אין
אַזוינע בּאַדינגונגען אַלע טעקסטילער. אַסאַך וווינען נאָך אין
פּריוואַטע דירעס, אין געמיינע אײַנגעהויקערטע שטיבּלעך.
מע מוז זיי וואָס גיכער אַרויסנעמען פֿון דאָרטן און אַריבּערפֿירן
אין גראָמע, ליכטיקע הײַזער. דאָס ליגט גוט אין קאָפּ דעם פּראָ־
פֿאַריין, דער פּאַרטיי, דער אונטערנעמונג. ס׳האָט עס גוט אײַנזינען
די מעהוכע פֿון די אַרבּעטנדיקע. אין צווייטן פֿינפֿיאָר וועט
מען נאָך אַנטשיידענער זיך נעמען בּויען נײַע גיגאַנטישע הײַ־
זער פֿאַר די טעקסטילער — אין עטלעכע יאָר אַרום וועט קיין
איין טעקסטילער־פֿאַמיליע ניט בּלײַבּן וווינען אין די אַלטע
דירעס!

נאָכ ווייניק יאסליס האָט מענ דערווייַל אופגעעפנט. אפ יעדער טויזנט ארבעטערנס נעמט זיכ אָנ דוכשניטלעכ 200 קינדער, אונ די יאסליס וואָס זייַנענ איצט פאראנ, קענענ דערווייַל באדינענ נאָר 30 קינדער אפ טויזנט ארבעטערנס. דאָס פינפיאָר פארגרעסערט דידאָזיקע צאָל ביז 50—אפ יעדער טויזנט ארבעטערנס וועלנ די יאסליס באדינענ פופציק קינדער. דאָס איז גאנצ היפּש, אָבער אלצ ניט גענוג. דארפ מענ בויענ נאָכ אונ נאָכ.

יאסליס זייַנענ נאָר פאר פיצעלעכ. פאר אביסל עלטערע קינדער עפנט מענ אופ קינדער־הייַזער. פונ קליינערהיימ אָנ וועלנ דעמ טעקסטילערס קינדער וווינענ אינ אנ ארבעט־קאָלעקטיוו, פאר די שול־קינדער בויענ זיכ נייַע שולנ — אזוינע שולנ, וואָס די אייראָפּייער כידעשנ זיכ אפ זיי קוקנדיק. דעמ טעקסטילערס קינדער ניט נאָר לערנענ זיכ אומזיסט אינ די שולנ, זיי ארבעטנ דאָרט אויכ אינ ווארשטאטנ. דער בוכ מיטנ אינסטרומענט זייַנענ דאָרט נאָענטע שכיינימ. בא די טעקסטילער זייַנענ די יונגווארג אלע גראמאָטנע. אלטע זייַנענ פאראנ אסאכ אנאלפאבעטנ. נאָר צומ סאָפ פינפיאָר וועט ניט זייַנ קיינ איינ טעקסטילער קיינ אנאלפאבעט! פאר דער רעוואָליוציע זייַנענ צוויי דריטל פרויענ געווענ אנאלפאבעטקעס, אונ איצט וועלנ אינגיכנ ניט נאָר אלע קענענ לייענענ צייַטונגענ, נאָר אויכ שרייַבנ אינ די צייַטונגענ! א טעקסטילערנ — אנ ארבקאָרנ איז שוינ גאָר פונ די קליינע כידושימ. טעקסטילער קורסאנטנ, ארבפאקאָווצעס, סטודענטנ פונ אוניווערסיטעטנ אונ אינסטיטוטנ טרעפט מענ איצט אינ אלע ווינקעלעכ. דאָס איז איצט — שטייגער, זאכנ פונ טאָגטעגלעכנ לעבנ.

סע וואקסט א נייַער דאָר סאָוועטישע טעקסטילער. אינ די שולנ, אָטריאדנ אונ לאגערנ ווערט אופגעצויגנ א קעמפערישער

געזונטער פאַרבײַט — דאָס זײַנען די פּיאָנערן. די יונגוואַרג אין די פאַבזאַוושולן וועלן אײַנבײַטן די שווערע טעקסטילישע כאָכמע — זיי וועלן זיך שטעלן צו די וואַרסטעטן און מאַשינעס. זיי וועלן אָנקומען אין די נײַע פאַבריקן־גיגאַנטן.

אַז יונגוואַרג אָרגאַניזירט אַ בריגאַדע, און איינער דעם צווייטן רופט אַרויס אַף אַ סאָצפאַרמעסטונג, שטייט די אַלטע גוואַרדיע ניט אָפּ און לאָזט ניט נאָך. זי גייט אין די בריגאַדעס פון דער יוגנט!

פאַרגאַפטע האָבן די אַמעריקאַנער אויסגעהערט דעם כאַ־ווער מאַרטינאָוו. זיי האָבן דאָך אַליין מיט זייערע אויגן געזען די נײַע טעקסטיל־פאַבריקן, די נײַע הײַזער פאַר די טעקסטיל־אַרבעטער, די יאַסלים, גערטנער און שולן פאַר די טעקסטילערס קינדער, די גאַסן פון דער אַלץ וואַקסנדיקער נײַער שטאָט, וואָס ניט אומזיסט רופט מען זי די סאָוועטישע ציצענע הויפּטשטאָט. און אַז כ׳ מאַרטינאָוו האָט געענדיקט, האָבן זיי זיך געווענדעט צו אים און געזאָגט:

— אויב סע וועט אַזוי אויך ווײַטער גיין, וועט דער סאָוועטישער טעקסטילער אינגיכן איבעריאָגן דעם אַמעריקאַנישן און אייראָפּעיִשן טעקסטילער. באַלד וועט מען פון אַמעריקע קומען צו פאָרן קיין פ ס ר ר זיך לערנען, וויאַזוי דאַרף מען בויען נײַע פאַבריקן און נײַע שטעט.

קאפיטל VI

# דאָס פינפיאָר פון טעקסטיל אפן עקראַן

ניין, ניט אומזיסט הייסט איוואנאָוואָ־וואָזנעסענסק די ציצע־נע הויפטשטאָט פון ראטנלאנד.

פארוואָס מאַקע ניט קיין הויפטשטאָט?

אפן צוגעפוצטן קיילעכיקן פלאַץ פארן שטאָטראַט שטייען גלאנציקע, שעמערירנדיקע פאָרדישע טאַקסיס. איבער די ברוקירטע גאסן לויפן אום אין אלע ריכטונגען „אמאָווער" און „ליילאנדער" אווטאָבוסן, שרעקנדיק אין די אָוונטן די געמיטלעכע דורכגייער מיט בלענדנדיקע סנאָפּעס שיין און הילכיקע סיגנאלן. אינדערפרי ציִען זיך לאנגע שורעס מענטשן צו די אנשטאלטן, אפ די פאבריקן, אין די קלייטן. קינדער איילן מאַכנעסוויַיז אין די שולן. נאָך דער ארבעט ווערן אלע גאסן פול אין פול מיט מענטשן.

אָוונט־צייַט צינדן זיך אָן פייערלעך אין די לאמטערנס בא די הייזער. די רעקלאמעס אין קינאָ, בא די קראָמען פינקלען און מינען זיך אין אלערליי קאָלירן. אין די גרויסע שוי־פענצ־טער פון די נייַע קראָמען שטייען העל־באלויכטענע מאנעקע־נען, אָנגעטון לויט דער לעצטער מאָדע — ניט ערגער ווי אין מאָסקווע און אין לענינגראד.

די איוואנאָווצעס זײַנענ שוינ לאנג צוגעוווינט צו ראַש אונ באוועגונג. זיי האלטנ זיכ גאָר אָנ קאטאָוועס פאר עכטע גרויסשטעטישע לײַט — „פראָווינציאל" הייסט שוינ בא זיי ניט נאָר אנ אָנגעפאָרענער פונ שויע צי פונ טײַקאָוו, נאָר אפילע א קאָסטראָמער צי א יאראָסלאווער.

איוואנאָוואָ, וואָס איז ערשט גאָר ניט לאנג געווענ א דאָרפ, א נעסט פונ קארגע, זשעדנע פאבריקאנטנ — „ציצענע קיסאָרימ" — ווערט איצט איינע פונ די פײַנסטע סאָוועטישע צענטערס, די הויפטשטאָט פונ סאָוועטישנ ציצ!

נאָר אפילע די, וואָס זײַנענ שוינ צוגעוווינט צומ גרויסנ אוילעמ אונ צו די לאנגע רייענ באמ קינאָ אונ בא די איוטאָ־בוסנ, זײַנענ איינמאָל געווענ שטארק פארכידעשט, אז זיי האָבנ דערזענ בא דער נײַער געבײַדע פונ ארבעטער־קלוב אנ אומגע־ווײנלעכ לאנגע שערענגע מענטשנ, וואָס האָט זיכ געצויגנ איבער עטלעכע גאסנ. אָנגעהויבנ האָט זי זיכ באמ סאמע ארײַנ־גאנג אינ קלוב ביז צומ ראָג גאס, דערנאָכ איז זי אוועקגעגאנ־גענ מיט דער לענג פונ א ברייטער ראשיקער גאס, דאָרט זיכ ווידער פארקערעוועט פאראלעל צו דער ערשטער שערענגע, אונ אלצ זיכ געצויגנ אונ געצויגנ...

דורכגייער, באזונדערס נײַגיריקע אלטע ווײַבער, האָבנ זיכ אָפגעשטעלט אונ צעטומלט געפרעגט:

— מאנופאקטור? מע גיט דאָ מאנופאקטור?

פונ דער ריי ענטפערט מענ ניט. מע שמייכלט אלע אינ זיכ. נאָר איינער א באָכער, א פאבשילער, ווײַזט אויס, האָט זיכ בא־רויגעז אָפגערופנ:

— נא דיר גאָר מאנופאקטור! אונ נאָכ קיינ אנדער זאכ טאָר מענ זיכ ניט אוועקשטעלנ?

און אַז איינגד א דורכגייער האָט זיך אײַנגעשפּארט און דאַפּקע געוואָלט וויסנ, נאָכ וואָס שטייענ דאָס אזויפיל מענטשנ, האָט זיך דאָס באָכערל דערבּארעמט איבּער אים און דעקלערט:

— הײַנט איז אינ קלוב א קינאָ... נאָר ניט קיינ פּאָשעטע קינאָ... א... ריידנדיקע.

— א ריידנדיקע קינאָ! — רופט אויס דער דורכגייער, — זייער ציקאווע. מע דארפ א קוק טונ....

און שטעלט זיך אויכ אוועק אינ דער שערענגע.

שטייענדיק שוינ אינ דער ריי, וואָס צעוואקסט זיכ וואָס אמאָל לענגער און בּרייטער, צעפרעגט ער זיך ערשט וועגנ די פּראָטים. איינער דעמ אנדערנ גיט איבּער, אז דאָס איז קימאט דער ערשטער ריידנדיקער קינאָפילמ, וו׳ז די פּירערס פונ דער רעוואָליוציע טרעטנ ארויס מיט רעדעס.

מע האָט אויכ אראָפּגענומענ דעמ איוואנאָווער רויטנ דירעק־טער מארטינאָוונ, וואָס האָט געהאלטנ א רעדע וועגנ פינפיאָר אינ דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

אָט איז ער דאָכ, דער כ׳ מארטינאָוו! ער איז דאָכ געווענ צוזאמענ מיט אונדז אינ קלוב. בּעשאס מיר האָבּנ זיכ צעזעצט אפ די ערטער, האָט ער אונדז דערציילט, וויאזוי ער האָט גע־לייענט א בּאריכט אפנ צוזאמענפאָר, און בּעשאסמײַסע איז גע־שטאנענ א מיקראָפאָנ, אינ פארשיידענע ערטער האָבּנ געקנאקט די פאָטאָ־קינאָ־אפּאראטנ, די יופּיטערס האָבּנ געוואָרפנ שאר־פע העלע שײַנ.

— אנו, לאָמיכ נאָר א קוק טונ אפ זיכ, וואָס פאר א צורע איכ האָבּ, — האָט כאווער מארטינאָוו זיכ געוווערטלט. — הײַנט וועל איכ הערנ די שטימע מײַנע, וויאזוי איכ רעד שיינ. ווי מע קענ די אייגענע אויערנ ניט אָנקוקנ, אזוי, ווײַזט אויס,

קען מען אויך ניט אויסהערן זיך אליין ווי סע דארף צו זײַן. איצטער וועל איך, אדעראבּע, אי זיך אָנשפּיגלען אין זיך, אי זיך אליין אויסהערן.

כאָווער מארטינאָוו האָט זיך אַביסל פארשעמט. אין זײַן סאַל האָט זיך געפּילט א טאָן פון פרייד און שטאָלץ...

דער שמועס האָט זיך איבּערגעריסן, ווײַל די שײַן האָט זיך פלוצים אויסגעלאָשן, און אויפן עקראן האָט אָנגעהויבּן שפּילן מוזיק. יאָ, איצט קען מען אזוי זאָגן: אפן עקראן איז געווען ניט נאָר א בּילד, נאָר אויך מוזיק. פון עקראן האָבּן זיך געהערט מונטערע, מעכטיקע קלאנגען פונעם „אינטערנאציאָנאל".

דערנאָך האָט מען געוויזן דעם צוזאמענפאָר — אן אומגעהײַער גרויסע פארזאמלונג מיט מענטשן, ערנסטע און אָנגעשטרענגטע. מע הערט אויך די שטים פונעם רעדנער. דאָס האלט דער כ. קוּיבּישעוו א פאָרטראג וועגן פינפיאָר. נאָך קוּיבּישעוון באוויַזן זיך אפ דער טריבּונע אנדערע רעדנער. יעדערער רעדט וועגן. זײַנס — וועגן מעטאל, עלעקטריפיצירונג, טראנספאָרט... די אָראטערס ריידן הויך און דײַטלעך, און בּעשאסמײַסע בּײַט זיך אפן עקראן איין בּילד נאָכן צווייטן: גיגאנטישע הויך-אויוונס, וואגאָנעטלעך, וואָס קײַקלען זיך אפ א קייט איבּער א דראָט, הייבּקראנען קערעווען זיך און סקריפּען, ארבּעטער טומלען זיך, לויפן אָפ און קומען ווידער צו צו דער עפענונג פון אויוון... פלוצלינג ווערט דער גאנצער עקראן בּאלויכטן מיט פײַערווערק, און צווישן די העל-בּלויע פינקען גיט זיך א גאָס צעשמאָלצענער שטאָל. דער שטאָל גיסט זיך און זינגט. מיר הערן דײַטלעך די שטאָלענע מוזיק, מיר פּילן, ווי דער שטאָל זינגט און פינקלט בּעיס ער גיסט זיך ארײַן אין דער פאָרמע.

די הויכ־אויוונס ווערנ פארביטנ אפ נאפט־אָזערעס אונ טראכקענדיקע סאפּענדיקע צוגנ. מיר קוקנ אונ הערנ זיכ איַינ. אונ פלוצלינג האָט אפ באלויכטענעם ליַיוונט א פלאטער געטונ די פיגור פונעמ כ׳ מארטינאָוו.

לעכאטכילע האָט ער זיכ באוויזנ אינ דער גאנצער גרייס — דאָס האָט ער זיכ אופגעהויבנ צו דער טריבונע. דערנאָכ, ווייַזט אויס, האָט זיכ די לענטע איבערגעריסנ, דער עקראנ האָט אפ איינ ווייַלינקע נאָר א בליצ געטונ מיט שטאָלענעמ גלאנצ — אונ סע הערט זיכ שוינ פונ דאָרט א שטימ.

אינ זאל, ווו ס׳איז געזעסנ דער לעבעדיקער כ׳ מארטינאָוו, האָבנ שארפ אונ טרוקנ, ווי פונ א קוילנהארפער, אָנגעהויבנ טרישטשענ אפּלאָדיסמענטנ. די איוואנאָווצעס האָבנ דערקענט דעמ כ׳ מארטינאָוו.

אלע איבעריקע באריכטנ זייַנענ דורכגעגאנגענ זייער שנעל. דאָ אָבער, באמ כ, מארטינאָווס באריכט, האָט דער איוואנאָווער אָפּעראטער געלאָזט די לענטע פאמעלעכ. מארטינאָוו רעדט רויק — די לויטערע קלאנגענ פונ די ווערטער פאלנ פונקט צונויפ מיט די באוועגונגענ פונ די ליפּנ אונ מיכנ אויסדרוק פונ די אויגנ. מאשינעס, פאבריקנ, עלעקטרישע פייַערנ, וואָס גיבנ ענערגיע די טעקסטילישע גיגאנטנ, — אָט וואקסנ זיי דיימטלעכ ארויס פונ דער פינצטערניש אונ אָט שווימענ זיי אָפּ אינ דער ווייַט. דערנאָכ קומענ זיי ווידער אופ אפ דער קארטע. כאָטש מארטינאָוו, וואָס זיצט נאָענט לעבנ מיר, קוקט זיכ אופמערקזאמ איינ אינ זיכ אליינ אונ הערט זיכ צו צו זייַנ אייגענער שטימ. נאָר אז מע הייבט אימ אָנ אפּלאָדירנ, קריכט ער זיכ אונ פארקנייטשט דאָס פּאָנעמ, ווי פונ א פלוצלימדיקנ ווינט.

— מע האָט אונדז געגעבנ א קאמפ־באפעל, — זאָגט כ׳ מאר־

טינאָוו פֿון עקראַן — געבן דעם לאַנד אַ מיליאַרד מעטער געוועב, אַ מיליאָן שטיקלעך גרעט, אָנצוגן, מאַנטלען...

כ׳ מאַרטינאָוו רעדט וועגן מאַשינען. ער דערציילט אויפֿגעבראַכט וועגן די אַלטע באַלעבאַטים, די פֿאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזט אין ירושה צעפּאָרעטע מאַשינען. געלאַטעטע פֿאַבריקן.

אין אַמעריקע, אייראָפּע האָט מען אָן ראַכמאָנעס צעוואָרפֿן די אַלטע פֿאַבריק־געבײַדעס און אויפֿגעבויט נײַע פֿון גלאָז און בעטאָן, אין די נײַע קאָרפּוסן האָט מען אַרײַנגעשטעלט נײַע מאַשינען. עמעס, די נײַע מאַשינען האָבן געהאָלפֿן די קאַפּיטאַליסטן אָפּ אַ נײַעם אויפֿן דריקן די אַרבעטער.

די רוסישע פֿאַבריקאַנטן האָבן זיך נאָר געיאָגט נאָך אַ מעזומענעם קערבל פֿאַרדינסט, און קיין גרויסע קאַפּיטאַלן האָבן זיי אין דער אונטערנעמונג ניט געוואָלט אַרײַנלייגן. דער אַלטער באַלעבאָס איז רײַך געוואָרן פֿון ביליקער, קימאַט קנעכטישער מענטשישער מי. דער אַרבעטער־טעקסטילער פֿלעג אַרבעטן מער ווי די מאַשין. האָבן די נײַע מאַשינען פֿאַר פֿיל באַלעבאַטים אַפֿילע ניט געלוינט. האָט זיך טאַקע באַקומען, אַז אין פֿיל פֿאַבריקן האָט מען געשפּינט, געוועבט מיט אַלטע, פֿאַרצײַטיקע מאַשינען.

„דעריקער זײַנען הענט אָפּ צו אַרבעטן. — פֿלעג דער באַלעבאָס זיך טראַכטן. — אַ מאַשין קען זײַן וואָסערע סע איז!"

ניין, סע טאָר אַזוי ניט זײַן! — האָט דער פּראָלעטאַריאַט געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט און האָט זיך גענומען פֿאַרן איבערבויען די ווירטשאַפֿט. — מירן בעסער די האָרעוואַניע איבערלייגן דער מאַשין אָפּ די פּלייצעס. מירן די מענטשישע מי לײַכטער און פֿריידיקער מאַכן. די טעכניק וועט אונדז געבן אַזוינע מאַ־

שינעס, וואָס וועלנ שטארק פארלייכטערנ די מי פונעם טעקסטילער אונ וועלנ אופהייבנ זיינ פּראָדוקטיווקייט. אזוינע מאשינעס זיינענ שוינ פאראנ. מיר קויפנ זיי איינ אינ אמעריקע אינ ענגלאנד, מיר בויענ זיי וואָס אמאָל מער אינ די אייגענע זאוואָדנ.

נאָר דאָס פינפיאָר פאָדערט פונ אונדז א נייע טעכניק, נייע טעקסטיל־מאשינעס, נייע טעקסטילישע גלאָז־בעטאָנענע פאבריקנ!

דאָ האָט כ׳ מארטינאָוו אופגעהויבנ די האנט, אונ אפנ עקראנ האָט זיכ גלייכ באוויזנ א דיאגראמ מיט לויכטנדיקע קאָלירענע פייערלעכ. די פייערלעכ האָבנ זיכ אָט פארלאָשנ אונ אָט ווידער אָנגעצונדנ אינ פארשיידענע ערטער, אונ כ׳ מארטינאָווס קאָל האָט זיכ געהערט קלאָר אונ דייטלעכ. כאָטש אים אליינ האָט מענ ניט ארויסגעזענ.

לעכאטכילע האָבנ די פייערלעכ אופגעבליצט אפ א גרויס ברעטל, אפ וועלכנ סע האָבנ זיכ געלויכטנ שפינדלענ. דערנאָכ איז דאָס ברעטל פארזונקענ אינ טונקלעניש, אונ אפנ ערשטנ פלאנ האָט זיכ אָנגעהויבנ דרייענ א גלאָבוס, ארומגעגארטלט מיט א פאס פינקלדיקע שפינדלענ. דער גלאָבוס דרייט זיכ, די שפינדלענ פינקלענ, ווי די פאטראָנעס אפ א לענטע פונ א קוילנוואַרפער, אונ איבער דעמ אלעמ צינדנ זיכ אָנ פייערדיקע ציפערנ אונ סע הערט זיכ א שטימ:

— מיר זיינענ שטארק אָפּגעשטאנענ אינ דער בוימוול־אינדוסטריע. אינ דער גאָר ערוועלט באטרעפט די צאָל שפינדלענ 170.000.000, אונ אינ פס״רר — בלויז 7.000.000. מע דארפ דאָס גוט איינזינענ האָבנ: אז אפ יעדער מייע שפינדלענ נעמט זיכ אָנ אונדזערע נאָר פיר.

דער גלאָבוס איז מיסאמאָל גרעסער און ברייטער געוואָרן, דער שעטעכ פון איראָפּע און אמעריקע ווערט בוילעטער, און מע זעט דייטלעכ ארויס, ווי אין אמעריקע און אין ענגלאנד דרייען זיכ הונדערטער שפינדלען, וואָס שפינען אויס פאָדעם פון בוימוואָל. און אפן קאָלאָסאלן שעטעכ פון פסרר שטייען פאריאָסעמט בא דער זייט פיר שפינדלען.

הײנט וויפל פארמאָגן מיר שפינדלען אין דער וואָל־אינדוסטריע?

די שפינדלען בייטן זיכ. אנשטאָט ווייסע פאָדעם שפינען זיכ איצט אנדערע, קאָלירטע פאָדעם: ברוינע, גרינע, רויטע, גרויע... אין ענגלאנד בליצן אופ דריי גרויסע לויכטנדיקע לאָמפן און דערביי לעבן זיי א קלענערער פייער — 3½ מיליאָן. צוויי גרויסע לאָמפן און איינע א קליינע שיינען אין אמעריקע — 2½ מיליאָן. רויק בליצן אופ אפ דייטשלאנד צוויי לאָמפן פון אלציינער גרייס — 2 מיליאָן. און נאָר אפן גרויסן שעטעכ פון פסרר פינקלט א קליין קאָלירט לעמפל — א פערטל מיליאָן!..

— מיר זיינען דאָ שטארק אָפּגעשטאנען — רעדט דער אומגעזעענער מארטינאָוו. — נאָר מיר ווייסן און געדענקען עס — הייסט עס, אז סע וועט בעסער ווערן. מיר זיינען דאָ באַזונדערס אופמערקזאם: די צאָל שפינדלען וועלן מיר פארגרעסערן ניט נאָר אין דער בוימוול־אינדוסטריע, נאָר אויכ אין דער וואָלענער!

— אָבער ניט נאָר אין דעם גייט עס, — האָט פלוצלינג זיכ ווידער באוויזן מארטינאָוו. — דער איקער איז דען די צאָל? ווען סע זאָל זיכ האנדלען נאָר אין דער צאָל, נאָר אין דעם. אז סע זאָלן שטיין וואָס מער שפינדלען, וואָלט גאָרניט אזוי

שותער געוועג עס אויסצופירן. ניט דאָס איז אָבער די הויפּט־זאַך — אַסאַך וויכטיקער איז די מאַשין גופא, איר קוואַליטעט, איר סיסטעם! די אַלטע מאַשינען, וואָס זײַנען פאַרבליבן פון די באַלעבאַטים, זײַנען אַלט געוואָרן ניט דערפאַר, וואָס מע האָט זיי שוין לאַנג געקויפט, נאָר דערפאַר, וואָס מע האָט זיי שוין לאַנג דערפונדן! די אַלטע מאַשינען זײַנען גרויסע מאַכינעס, פאַרנעמען אַסאַך אָרט און אַרבעטן פּאַמעלעך. די אינדוסטריע פאָדערט אָבער, אַז די מאַשין זאָל פאַרנעמען ווייניק אָרט, זאָל קאָסטן ביליק און זאָל אַרבעטן שנעל... איצט זײַנען שוין פאַראַן נײַע שפּינמאַשינען, וואָס זײַנען באַקוועמער און לוינען בעסער איידער די אַלטע מאַשינען. און דאָך האָבן מיר נאָך אַ היפּשע צאָל פאַבריקן, ווו עס שטייען דאַפקע אַלטע מאַשינען, וועלכע האָבן שוין לאַנג אָפּגעלעבט זייערע יאָרן. איר טוט אומיסטן אַ קוק.

מאַרטינאָוו איז פּלוצים דורכזיכטיק געוואָרן, און פאַרעלטערטע, צעבראָכענע שפּינמאַשינען האָבן אָנגעהויבן אַזויווי שפּאַרן זיך דורך אים. זיי האָבן זיך געשטופּט איינע נאָך דער אַנדערער, שאָקלענדיק זיך אין אָנמאַכט און גרילצנדיק מיט די אַלטע אויסגעהאָרעוועטע טיילן... באַלד נאָך זיי האָבן שנעל אין אַ ריי אַ יאָג געטון נײַנקע גלאַנציקע מאַשינען, מיט איידל אָפּגעטאָקטע טיילן. בײַ די אַלטע מאַשינען האָבן זיך געשלעפּט ברייטע פּאַסן, וואָס פאַרייניקן די מאַשין מיטן בלאָק אויף דער סטעליע — אַ שווערע, אומגעלומפּערטע מאַכינאַציע. די נײַע מאַשינען האָבן שוין ניט קיין פּאַסן, זיי זײַנען קלענער און שמעלער. דערפאַר אָבער איז בײַ דער זײַט בײַ זיי געשטאַנען אַן עלעקטרישער מאָטאָר — אייגן עלעקטריש בלוט.

— מירן אפּ אונדזערע נײַע פֿאַבריקן אװעקשטעלן נײַע שפּינמאַשינעס, — האָט דער דורכזיכטיקער מאַרטינאָװ װײַטער גערעדט. — אױב מיר האָבן ביז איצט געהאַט אין דער בײַמװול־אינדוסטריע בלױז זיבן מיליאָן שפּינדלען, װעלן מיר צום סאָף פֿינפֿיאָר האָבן צען מיליאָן. קױפֿן און אײַנשטעלן װעלן מיר אָבער בלױז נײַע, בלױז פֿאַרפֿולקאָמטע מאַשינעס. מיר זײַנען גאָר ניט אַזױ רײַך, אַז מיר זאָלן קױפֿן אַלטע מאַשינעס! די נײַע טעכניק װעט אונדז געבן אַ מעגלעכקײַט אַרױסצולאָזן ביליקע און שטאַרקע טעקסטיל־סכױרע.

אָבער שפּינדלען גרײטן נאָר צו און דערלאַנגען די בײַמװול און די װאָל צו די װעבשטולן. װיפֿל־זשע װעבשטולן האָבן מיר און װיפֿל װעלן מיר האָבן?

אפֿן עקראַן באַװײַזט זיך אַ גרױסע ליכטיקע זאַל מיט אױסגעשטעלטע װעבשטולן בײַ די זײַטן. סע הערט זיך, װי די װעבשטולן קלאַפּן צום טאַקט, און אױף אַ װײַלע האָט זיך געקענט דוכטן, אַז מיר געפֿינען זיך ניט אין קלוב־קינאָ, נאָר אױף דער פֿאַבריק.

— די װעבשטולן זײַנען געװען אַלטע, דער װעבער האָט געהאָרעװעט בײַ זײ אָפּגײענדיק מיט שװײס. די װעבערנס זײַנען טױב געװאָרן, פֿלעגן מיט די ליפּן אַרױסציִען דעם איבערגעריסענעם פֿאָדעם פֿונעם װעבער־שיפֿל... נאָר אפֿילו אַזױנע שלעכטע אומבאַקװעמע מאַשינעס האָבן מיר געהאַט סאַכאַקל 180.000 — שפּאָט װײניק! צום סאָף פֿינפֿיאָר װעלן מיר האָבן אַ פּערטל מיליאָן װעבשטולן — אָבער שױן נײַיִנקע אױטאָמאַטישע. בײַ די אַלטע װעבשטולן פֿאָדערט זיך אײן װעבער אױף 3—4 שטולן. די נײַע אױטאָמאַטישע װעבשטולן — נאָרטראָפֿן — באַפֿרײַען אַסאַך אַרבעט־קראַפֿט. אײן װעבער

קאָנ אײנצײַטיק באדינענ העכער 20 אזורינע וועבשטולנ! טומזשע א קוק דאָס אויסגעצייכנטע בילד. וואָס סע וועלנ מיט זיכ פאָרשטעלנ אונדזערע שפינערײַענ און וועבערײַענ!..

אפנ עקראנ באווײַזנ זיכ נײַע שפינמאשינעס. שפינדלעכ דרייענ זיכ ווי א וויכער. די שפינערנ קוקט זיכ רויִק אפ די דינע פאָדעמ, וואָס ציִענ זיכ ארויס פונ די אומגעזעענע גאָפּעלעכ, און פונ צײַט צו צײַט בויגט זי זיכ אָנ צו דער מאשינ.

דערנאָכ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ ציִענ שטולנ, שטולנ אָנ א שיר, גלאנציקע, נײַנקע — מיט ענגלישע און סאָוועטישע מארקעס. ענגלישע שטולנ באווײַזנ זיכ אלצ זעלטענער, און פארנ אוילעמ שוועבנ דורכ אינ שטאלטנע רייענ סאָוועטישע וועבשטולנ — פּראָדוקציע פונ לענינגראדער און טולער זאוואָדנ.

דער דורכזיכטיקער מארטינאָוו רעדט הײַסער:

— מירנ אָפּשיקנ אפנ בייסוילעמ, אָדער אָפּגעבנ אינ אוטיל ארײַנ אלע אלטע שפינדלענ און וועלנ זיי פארבײַטנ מיט בעסערע, נײַע. אנשטאָט די פּאַשעטע מעכאנישע וועבשטולנ וועלנ מיר אוועקשטעלנ אווטאָמאטנ. אויב מיר פארמאָגנ איצט נאָר פיר טויזנט אווטאָמאטישע וועבשטולנ, וועלנ מיר צומ סאָפ פינפיאָר האָבנ 77.400 (קימאט צוואנציק מאָל מערער). צומ סאָפ פינפיאָר וועלנ מיר זײַנ די ערשטע, לויט דער צאָל אווטאָמאטישע וועבשטולנ פונ אלע פאָרגעשריטענע איראָפּעישע לענדער. מיר וועלנ פארמאָגנ בא 80.000 אווטאָמאטישע שטולנ — קימאט 32% פונ דער אלגעמיינער צאָל וועבשטולנ. און די בײַוול־אינדוסטריע פונ דער גאָרער וועלט פארמאָגט סאכאקל 25% אווטאָמאטנ. ענגלאנד, די בארימטע אינדוסטרי[illegible]לאנד, האָט אנערעכ 15 טויזנט אווטאָמאטישע וועב[illegible]נ, דאָס הייסט, ניט מער פונ 2%. וואָרזשע וועט דעמאָלט

דארפֿן פֿארנעמען דעם אויבנאָן אין דער אינדוסטריע? איז דען ניט קלאָר, אַז דאָ וועלן מיר ניט נאָר דעריאָגן, נאָר אפֿילו אריבעריאָגן איינע פֿון די סאמע פֿאָרגעשריטענע קאַפּיטאליסטישע לענדער?

די פֿראגע האָט געשטעלט יענער מארטינאָוו, וואָס האָט דורך זיך דורכגעלאָזט די שנעלע לענטע מיט אווטאָמאטישע וועבשטולן. און דעם ענטפֿער האָט געהערט דער כ׳ מארטינאָוו, וואָס איז געזעסן שטילערהייט לעבן אונדז אַף א בענקל און האָט עפּעס מאָדנע געשמייכלט. דער ענטפֿער איז געווען א קלאָרער און א דײַטלעכער: אין זאל האָט זיך אופֿגעהויבן א פֿלעסקערײַ. אַז ס׳איז שטיל געוואָרן פֿון די אפּלאָדיסמענטן, האָט זיך ווידער דערהערט די באקאנטע שטים:

— א גרויסן שפּרונג וועלן מיר מאכן אין דער וואָל־פּראָדוקציע. איז דען געננוג פֿאר אונדז דאָס פֿערטל מיליאָן שפּינדלען, וואָס מיר האָבן פֿארמאָגט ביז איצט? צום סאָף פֿינפֿיאָר וועלן מיר האָבן 515 טויזנט שפּינדלען! און וועבשטולן פֿאר דער וואָל־פּראָדוקציע וועלן מיר אויך האָבן העכער 15 טויזנט אנשטאָט די איצטיקע נײַן. אויב מיר וועלן נאָך נעמען אין אכט, אַז קימאט אלע מאשינעס — די שפּענערישע און וועבערישע — וועלן אריבערגיין אַף דרײַ וואכטעס, קענען מיר מיט פֿולער זיכערקײַט זאָגן, אַז אין אונדזער וואָל־פּראָדוקציע וועלן מיר מאכן קאָלאָסאלע דערפֿאָלגן.

נאָר מיר פֿארמאָגן נאָך אנדערע פּראָדוקציעס, וואָס פֿאָדערן פֿון אונדז פֿיל אופֿמערקזאמקײַט, כאָטש מיר שטייען מיט זיי ניט אָפּ פֿון דער איבעריקער וועלט.

אפֿן עקראַן שפּרייטן זיך ראכוועסדיקע פֿעלדער פֿול מיט לאנגע שטענגלען און צעקאָשמעטע קעפּלעך לײַן. דער לײַן

הוידעט זיך, און סע דוכט זיך, אז דאָס גאַנצע פעלד שאָקלט זיך און הוידעט זיך אויך. פונעם גרינעם נעפּל קומען אַרויס פֿויערים מיט שטעקלעך אין די הענט און נעמען זיך קלאַפּן דעם לײַן...

די פֿויערים סטײַען ניט, און סע באַווײַזט זיך אַ פֿאַבריק. סע פֿינקלט דורך די שפּינערײַ מיט די שפּינדלען, וואָס הודען און דרייען זיך, די וועבערײַ, די פּאַקערײַ און דער לאַגער. אויפֿן לאַגער ליגן די שטיקלעך שניט־סכוירע אין וואַגאָנעסקעס אײַנגעפּאַקעוועטע און איבערגעבונדענע מיט שנירלעך. אַרבעטער אין זייערע ספּעצקליידער קומען צו און שטופּן אָפּ די וואַגאָנעטלעך צום אַרויסגאַנג, וווּ סע שטייען אויסגעשטעלט לאַנגע שערענגעס מאַסע־אויטאָמאָבילן. מיטאַמאָל פֿאַרשווינדן די אויטאָמאָבילן, און סע באַווײַזן זיך וואַרשטאַטן פֿון „מאָס־קוואָשוויי". די לײַוונט בויגט זיך און קערעוועט זיך ווי אַ שלאַנג: קריכט אַרויס פֿון דער גרויסער שער און פֿאַלט אַרײַן אין דער עלעקטרישער מאַשין, דערנאָך קומט זי אַרויס פֿון דאָרט, פֿליט ווײַטער איבערן קאָנווייער, — און אויפֿן טיש ליגט שוין אַ גאַנצע קופּע לײַוונטענע העמדער מיט גאַטקעס. די לענטע טוט אַ פֿלאַטער — און סע קוקט שוין אויף אונדז פֿונעם עקראַן אַ קראָם פֿון „מאָסקוואָשוויי". אויף גרויסע פּאָלעצעס זײַנען אויסגעשטעלט קאַרטאָנענע קאָרבן מיט נײַ אויסגעפּרעסטע גרעט. אין דער צווייטער אָפּטיילונג פֿון שניט־סכוירע ליגן אויף די פּאָלעצעס דיזעלבע מיט שנירלעך איבערגעבונדענע שטיקלעך לײַוונט, וואָס מע האָט זיי נאָר וואָס אָפּגעפֿירט פֿון לאַגער וואָס אויף דער פֿאַבריק...

— לײַנ־געוו[illegible] געבן מיר אַרויס מער פֿון דער גאַנצער וועלט. אפֿילו [illegible]ריקע שטייט פֿון אונדז אָפּ. נאָר אין אונד־

זער לײַנ־אינדוסטריע שטײט שטארק אָפּ דאָס שפּינען פֿונעם װעבן. אפילו איצטער װאָלטן מיר געקענט ארױסגעבן אסאך מער לײַנ־געװעבן, נאָר סע סטײַעט ניט קײן שפּינעכץ. אונד־זערע לײַנ־פֿאבריקן האָבן אלע יאָרן געארבעט מיט אמאָליקע געצײַג, מיט קוסטארישן שניט.

ביז איצט האָט די לײַנ־אינדוסטריע געארבעט אָפּ פּאָשעטע שפּינדלען, און דעריבער מאקע האָבן מיר געהאַט אזױ װײניק שפּינעכץ: די שפּינדל האָבן ניט געארבעט מיט דער געהע־ריקער שנעלקײַט, האָבן ניט געמאכט די נײטיקע צאָל אומ־דרײען.

איצט האָט דער סאָװעטישער אינזשענער זװאָריקין צוגעטראכט שנעלע שפּינדלען, װאָס גיבן ארױס אָפּ 40% מער ארבעט פֿון די פּאָשעטע. מיר שטרעבן, אז אומעטום, װוּ ס׳איז נאָר מעגלעך, זאָלן די פּאָשעטע שפּינדלען פֿארביטן װערן אָפּ שנעלע. ס׳איז געװוּנג אָנגעװיזן, אז צום סאָף פּינפּיאָר װעלן מיר פֿון דער אלגעמײנער צאָל שפּינדלען האָבן 50% שנעלע (294 טױזנט פֿון 590 טױזנט). דערפֿאר װעלן אלע נײַע פֿאבריקן זײַן באשטאט מיט שנעלע שפּינדלען, און אין די אלטע פֿאבריקן, אז די שפּינדלען װעלן אָפּגענוצט װערן, װעט מען זײ פֿארבײַטן מיט שנעלע. די װעבערישע פּראָדוקציע אין דער לײַנ־אינדוסטריע װעט שטארק געענדערט װערן. איצט ארבעטן נאָר 100 אװטאָמאטישע װעבשטולן, און צום סאָף פּינפּיאָר װעלן מיר פֿארמאָגן 3500 (פֿון דער אלגעמײנער צאָל 19.000)! אזױארום װעלן מיר אױך דאָ, אין דער לײַן־אינ־דוסטריע, װוּ מיר פֿארנעמען דאָס ערשטע אָרט אין דער װעלט, אלץ נײַע אױסבעסערונגען אײַנפֿירן און אױפֿהײבן די פּראָדוק־טיװקײַט פֿון דער ארבעט.

איצט וועלן מיר אַ קוק טון, וואָס וועט אַרײַנגעטראָגן ווערן
אין דער פלאַקס־און דזשוט־אינדוסטריע...

אפֿן עקראַן האָט זיך אַף אַ ווײַלע באַוויזן אַ סנאָפּן־בינדער.
דערנאָך דערהערן מיר פּלוצים, ווי ס׳ע רוישט עפּעס אַ וואַ־
סער, מיר זעען אַ שיף דערנעענט זיך צום דעבאַרקאַדער.
פֿון שיף וואַרפט מען אַראָפּ אַ גראָבן שוואַרצן קאַנאַט, אַ מאַט־
ראָס כאַפּט אוף דעם שלייף און פאַרוואַרפט אים אַפֿן סטוי־
פּיקל. נאָך אַ מאַטראָס מאַכט דאָסזעלבע דורך אַף דער צווײ־
טער זײַט דעבאַרקאַדער. די שיף גיט זיך אַ ריס אָפּ צוריק,
נאָר די גראָבע קאַנאַטן האַלטן זי אײַן און שלעפּן זי ביסלעכ־
ווײַז צו צום בריקל. די שיף איז שוין צוגעשטאַנען, די מאַט־
ראָסן שטעלן אַוועק קימאַט ווערטיקאַל אַ פּאָר ברעטער.—מיט
דער הילף פֿון אַ פּאָר דרענגלעך קאַטשעט מען אַראָפּ איבער
די ברעטער די מאַסע פֿון דער שיף—פּעסער מיט עפּעס אַ מין
סכוירע. פֿונדערווײַטנס זעט מען ליגן גאַנצע בערג זעק מיט
קערנער און מיט גאָרטנוואַרג. און איבער דעם אַלעמען יאָ־
וועט זיך פּלוצים אַרויס מאַרטינאָוו אַף דער טריבונע. ער ווײַזט
אָן אַף די שוואַרצע, אין סמאָלע אײַנגעשמירטע קאַנאַטן, אַף
די פאַרשטויבטע זעק און זאָגט:

— מע דאַרף זיך אַ נעמ טון צו דער פלאַקס־ און דזשוט־אינ־
דוסטריע! אַף אַזאַך שיפֿן זײַנען די קאַנאַטן שטאַרק אָפּגענוצט,
ס׳ע סטײַען אונדז ניט זייער אָפּט קיין שטריק, און אַז ס׳ע
קומט צו דער ברויט־פאַרגרייטונג, לאָזט זיך אַלעמאָל פילן דער
שאַרפער מאַנגל אין זעק... מיר מוזן אופהייבן אַף דער געהע־
ריקער הייך די פלאַקס־ און דזשוט־אינדוסטריע. מיר פאַרמאָגן
אין דערדאָזיקער אינדוסטריע סאַכאַקל 45 טויזנט שפּינדלען—
דאָס איז שפּאָט ווייניק. צום סאָף פינפיאָר וועלן מיר האָבן 90

טויזנט שפינדלענ! וועבשטולנ האָבנ מיר ווײניק — $1\frac{1}{2}$ טויזנט. און שפּעטער וועלנ מיר האָבנ דרײַ טויזנט. אויכ דאָ, ווי איר זעט, וועלנ פאָרקומענ גרויסע ענדערונגענ. די פלאַקס־ און דזשוט־אינדוסטריע וועט אָנהייבנ ארבעטנ אפנ נײַעמ שטײגער און וועט אנטוויקלענ אזא שנעלקײַט, וואָס מע האָט וועגנ דעמ פריִער אפילע ניט געכאָלעמט.

אפנ עקראנ באווײַזט זיכ א קאָקאָנ, דערנאָכ טײלט זיכ אָפּ פונעמ קאָקאָנ א דינער פאָדעמ, ציט זיכ און ציט זיכ, קריכט און קריכט... ס׳האָבנ ווידעראמאָל א פינקל געטונ שפינדלענ און וועבשטולנ. עס באווײַזנ זיכ גרויסע קעסלענ, ווו עס פארבט זיכ זײַדנס אינ פארשײדענע קאָלירנ. עס טוענ א בלישטשע בלויע, גרינע, געלע און ווײַסע פאסנ גלאנציק צײַג... אפּ הויכע וואגאָנעטקעס פירט מענ זײ איבער שמאָלע קאָרידאָרנ אינ שטאַמפּ־צעכ ארײַנ, ווו סע שטײענ מײַסטערס און מיט האַנטשאַבלאָנענ לײגנ זײ ארופּ זאַפּטיקע פארביקע קווײטנ אפנ אָנגעצויגענעמ טוכ...

— דאָסדאָזיקע צײַג, זײַדנס, איז דערווײַל נאָכ א סכוירע, וואָס ניט יעדער האָרעפּאשנער מענטש קאָנ צו דעמ צוקומענ. מירנ אָבער לאָזנ אלע פאבריקנ, מירנ אוועקלאָזנ אינ גאנג אלע וועבשטולנ, מירנ פארקלענערנ דעמ זעלבסטקאָסט און די פרײַז אפ דער סכוירע, דעמאָלט וועט יעדע קאָלווירטלערנ און ארבעטערנ קענענ זיכ אופנײענ א זײַדנ קלײד, און יעדער ארבעטער און קאָלווירטלער וועלנ קענענ זיכ אופנײענ א קאָסטיומ אפּ זײַדענעמ אונטערשלאק.

איצט לאָמיר א קוק טונ, וויפל־זשע וועלנ מיר האָבנ צומ סאָפּ פינפיאָר ארומ־און־ארומ אינ דער גאנצער טעקסטיל־אינדוסטריע שפינדלענ און וועבשטולנ?

אפנ עקראנ האָבנ ווי דורכ א צויבער־שפּיל אופגעבליצט שפּינדלענ אונ וועבשטולנ. די שפּינדלענ דרייענ זיכ האסטיק, די וועבשטולנ טראכקענ אונ קלאפּנ צוזינגענדיק, אונ דאָס אלצ צוזאמענ גיסט זיכ צונויפ אינ איינ מעכטיקער ליד פונ ארבעט אונ מי. אונ איבער דעמ אלעמענ שוועבנ ארויס אינ דער הייכ אינ קאָלירטע פײַערנ ציפערנ אונ ווערטער:

צומ סאָפ פינפיאָר וועלנ מיר האָבנ

| | |
|---|---|
| שפּינדלענ (אויסער זײַדענע) . . . . . . . . | 11.224.000 |
| וועבשטולנ (אויכ אויסער זײַדענע) . . . . . | 293.136 |

אויב מיר וועלנ דערצו נאָכ צוגעבנ, אז מיר וועלנ דורכויס אוועקשטעלנ פּארפולקאָמטע מאשינעס, אונ אז די ארבעט וועט זײַנ אײַנגעשטעלט אינ דרײַ וואכטעס, איז וואָס פאר אנ אויס־פיר קענענ מיר דערפונ מאכנ?

דער אויספיר, כאווייריִמ, איז זייער א פּאָשעטער אונ א קלאָ־רער: צומ סאָפ פינפיאָר וועלנ מיר ניט נאָר באזײַטיקנ דעמ מאנגל אפ שניט-סכוירע — מירנ אינ אלע געביטנ פונ דער טעק־סטיל־אינדוסטריע שטיינ באגלײַכ מיט אלע פאָרגעשריטענע אינדוסטריעלע לענדער, אונ עפּשער נאָכ אפ א העכערע ׳שטופע!

דער עקראנ איז ווײַס געוואָרנ, אינ זאל האָט זיכ אָנגעצונדנ די שײַנ. לאנג האָבנ געדונערט די אפּלאָדיסמענטנ, דערנאָכ איז שטיל געוואָרנ. קיינער רירט זיכ אָבער ניט פונ די ערטער. כ׳ מארטינאָוו רוימט אונדז אײַנ שטיל אפנ אויער, אז דער באריכט איז נאָכ ניט געענדיקט. באמ אפּאראט, ווײַזט אויס, האָט זיכ צופעליק איבערגעריסנ די לענטע. מע דארפ נאָכ באווײַזנ די אינדוסטריעלע ראיאָנענ מיט דער צאָל נײַ־אָנגעמערקטע אונ־טערנעמונגענ.

אזוי איז טאקע געווענ. אינ א ווײַלע ארומ האָט זיכ ווידער פארלאָשנ די שײַנ. דער אוילעמ האָט זיכ אויסגעהוסט אונ אויסגעשושקעט, אונ אפנ עקראנ האָט זיכ ווידער באוויזנ דער כ׳ מארטינאָוו — א שמייכלענדיקער, נאָר, זעט אויס, שוינ אביסל א מידער. ער שטייט בײַ א גרויסער קארטע פונ פסרר, וואָס הענגט איבער דער גאנצער וואנט, אונ מיט די שטעפּסלענ, וואָס ער שטעקט אלעמאָל ארײַנ אינ אנ אנדער אָרט, באלויכט ער די ראיאָנענ פונ דער נײַער בויונג. בעיס דער כ׳ מארטינאָוו רעדט, צומ בײַשפּיל, וועגנ מאָסקווער אינדוסטריעלער געגנט, באלויכט ער א גרויסנ טייל פונ דער קארטע, אונ אלע דערזעענ פאר זיכ א שײנ אויסגעמאָלטנ שטיוול, אויסגעקערעוועט מיטנ שפּיצ צו מיזרעכ צו. אינ פארשיידענע פונקטנ פונעמ שטיוול צינדט זיכ אָנ א לעמפּעלע, צוויי, דרײַ אונ אפילע גאנצע פינפ, אונ טייקעפ באווײַזט זיכ אפנ אָרט פונעמ פײַערל א קאָנטור פונ א פאבריק. די שטעפּסלענ רוקנ זיכ איבער אפ אנ אנדער אָרט, אונ אלע גרענעצנ פונ איוואנאָווער געגנט ווערנ מיטאמאָל באלויכטנ מיט שווארצע לאמטערנדלעכ. אזוי זײַנענ די פײַערלעכ איבערגעגאנגענ פונ געגנט צו געגנט — פונ צענטער צו מיזרעכ, צו מײַרעוו, צו דאָרעמ. פײַערלעכ פונ נײַער בויונג האָבנ זיכ אָנגעצונדנ אינ סיביר, אוזבעקיסטאנ, אוקראינע, אזערבײַדזשאנ. כ׳ מארטינאָוו פירט מיטנ טײַטל איבער דער קאָלירטער קארטע אונ הויכ אפנ קאָל גיט ער צו פארשטיינ, פארוואָס פלעגנ אמאָל, פארנ קייסער אונ פאר די באלעבאטימ, אלע פאבריקנ זיכ בויענ אינ צענטראל-רוסלאנד, ווײַט פונ די קוואלנ פונ רויווארג — פונעמ בוימוואָל, פונעמ וואָל, פונעמ לײַנ אונ פונעמ זײַדנס. די סיבע איז געווענ אינ דעמ, וואָס אינ אונדזער געגנט איז פונ לאנגע יאָרנ אָנ געווענ אנטוויקלט די

קוסטארישע אינדוסטריע, ס'האָט זיך דאָ אָנגעזאמלט אַסאַך בי־ליקע ארבעט־קראפט... אויסערדעם, האָבן זיך די פאַבריקאַנטן גאָר ווייניק גערעכנט דערמיט, וואָס דאָס אריבערפירן דעם רווי־ווארג אפ א ווײַטער שטרעקע רופט זיך אָפּ אפ דער פּרײַז פונעם צײַג. אדעראבע, פאר די פאבריקאנטן האָט עס אפילע געלוינט. אויסער זייערע פארדינסטן האָט זיי דאָך קיין זאך ניט געקימערט. האָט זיך טאקע באקומען אין פלוג זייער אַן אָפּגע־פרעגטע זאך: די פאבריקאנטן בויען פאבריקן אין מאָסקווע און אין איוואנאָוו, און דעם רויווארג בריינגען זיי צופירן אזש פון טורקעסטאן — צווינגען דעם רויווארג מאכן א ווײַטע רײַ־זע פון עטלעכע מעסלעס, קעדיי צו איבערארבעטן אים ... דערנאָך פירן זיי אים צוריק, טאקע ווידער קיין טורקעסטאן, נאָר אין אַן אנדער אויסזען — שוין ניט קיין בוימוואָל, נאָר גוטע ראשיקע צײַגן. נאָר אפ די דאָזיקע איבערפירעכצן אהין און צוריק האָבן די פאבריקאנטן גאנץ גוט פארדינט, ווײַל די אוז־בעקישע, טורקמענישע דעקכאנעס פלעגן אָפּגעבן זייער בוים־וואָל פאר גראָשנס, און פאר א מעטער צײַג האָט מען בא זיי געריסן א הויט...

די צארישע מאכט האָט אויך געזאָרגט, אז דיפאב־ריקן זאָלן זײַן אין צענטער. ווו א פאבריק — דאָרט זײַנען פראָלעטאריער. דער פראָלעטאריאט איז זייער א געפערלעכע רעוואָליוציאָנערע קראפט פארן קייסער. פאבריקן אין די ראנד־לענדער וואָלטן געקענט קומען צוהילף די אָפּגעשטאנענע פעלקער, וואָס די צארישע מאכט האָט זיי געדריקט, אז זיי זאָלן זיך שטעלן אפן וועג פון קאמף. די צארישע מאכט האָט שטארק מוירע געהאט דערפאר, האָט זי פעסט געהאלטן אין די ראנד־לענדער די לייצעס אין די הענט. דעריבער זײַנען די איצטיקע

נאציאָנאלע רעפובליקנ געבליבנ אָנ אונטערנעמונגענ אפ צו באארבעטנ דאָס אָרטיקע רויוואַרג.

די ראטנמאכט בויט איצט אינ די נאציאָנאלע רעפובליקנ פאבריקנ אונ זאוואָדנ. די פאבריקנ וועלנ זיכ געפינענ נאָענט צו די קוואלנ פונ רויוואַרג. דאָס וועט מיטהעלפנ צו אנטוויקלענ די ווירטשאפט אונ די קולטור אינ די באזונדערע, פריער אָפגעשטאַנענע געגנטנ. דאָס וועט ביליקער מאכנ די פראָדוקציע, אונ די טעקסטיל-סכוירע וועט ווערנ צוטריטלעכ פאר די סאַמע ברייטע האָרעפאשנע מאסנ.

— פאר פינפ יאָר צײַט, — האָט כ' מארטינאָוו אויסגעשריגנ, — וועלנ מיר אויסבויענ 139 פאבריקנ! אפ דערדאָזיקער נײַער בויונג אונ אפ רעמאָנטירנ די אלטע אונטערנעמונגענ וועט אויסגעגעבנ ווערנ אנדערהאלבנ מיליארד רובל — קימאט א העלפט פונ דער סומע, וואָס ס'האָט באטראָפנ דער פארמילכאָמעדיקער ביודזשעט פונ דער צארישער רוסלאנד!

ווו-זשע וועלנ זיכ בויענ דידאָזיקע פאבריקנ?

אפנ פינצטער געוואָרענעמ עקראנ האָבנ העלע פאסנ אונ פײַערלעכ זיכ אויסגעשטעלט אינ א טאבעלע. כ' מארטינאָוו פירט מיטנ טײַטל איבער דער טאבעלע אונ רעדט:

— מער פונ אלצ וועט מענ בויענ פאבריקנ אינ מאָסקווער אונ אינ איוואנאָווער אינדוסטריעלע געגנטנ. דערפאר ווײַל די טעקסטיל-אינדוסטריע האָט זיכ דאָ אנטוויקלט מיט פיל יאָרנ צוריק, אונ סע לוינט זייער פאר דער פאָלקסווירטשאפט דאפקע דאָ צו פארגרעסערנ די צאָל פאבריקנ. א היפשער טייל פונ דער באַפעלקערונג איז דאָ פונ לאנגע יאָרנ אָנ שטארק פארבונדנ מיט דער טעקסטיל-אינדוסטריע. אויסערדעמ, געפינענ זיכ דידאָזיקע געגנטנ אינ אזא באקוועמער געאָגראפישער לאגע, אז זיי

זײַנען היסטאָריש געוואָרנ צענטראַלע פּונקטנ פונ האַנדל אונ אינדוסטריע. דערפאַר וועלנ זיכ אָבער אויכ בויענ טעקסטיל־פאַבריקנ אינ אַזוינע ערטער, ווו פריִער זײַנען זי״ געווענ זײער ווייניק־אֶדער גאָרניט ניט געווענ. סע וועט זײַנ אַ פאַבריק אינ קאַזאַקסטאַנ, ווו ס׳איז פאַראַנ אַסאַכ וואָל, אַ פאַבריק אינ צאָפנ־קאַווקאַז, ווו ס׳איז אַנטוויקלט די שאָפ־צוכט, נײַע פאַבריקנ וועלנ זיכ בויענ אינ סיביר — אַדאַנק דער טורקסיבער אײַזנבאַנ וועט זיכ דאָרט פרײַ אַנטוויקלענ אי די באַוול,־ אי די לײַנ־אינ־דוסטריע. זיבנ פאַבריקנ וועלנ זײַנ אינ אוזבעקיסטאַנ אונ אינ טורקמעניסטאַנ, דערמיט וועט אויסגעפילט ווערנ זײער אַ וויכ־טיקע ווירשאַפטלעכע אויפגאַבע: דער בוימוואָל וועט פונ די פעלדער גײנ גלײַכ אַפ דער פאַבריק! די פאַבריק וועט אַרבעטנ אַפ אָרטיקנ ביליקנ רויוואַרג, אונ די האָרעפּאַשנע לײַט פונ די נאַציִאָנאַלע רעפּובליקנ וועלנ זיכ נאָכ מער איבערצײַגנ אינ דעמ, אַז די ראַטנמעלוכע שטרעבט צו גלײַכמעסיקער אַנטוויק־לונג פונ אַלע אירע טײלנ.

די טאַבעלע לײַכט מיט העלע פײַערנ; אונ די סאַמע לעצטע שורע — די ציפער 139 — פלאַמט אופ עטלעכע מאָל. די טאַבעלע איז שוינ לאַנג פאַרלאָשנ, נאָר אַפנ עקראַנ בלײַבנ נאָכ אַלצ שײַנענ דרײַ ציפערנ — 139. אַפנ עקראַנ באַווײַזנ זיכ נײַע פאַב־ריקנ אײנע נאָכ דער אַנדערער. צווישנ די נײַע גיגאַנטנ רוקט זיכ דורכ אַ קלײנ אָפּגעקראָכנ אַלט פאַבריקל. אונ פאַר אַלע־מענ ווערט קלאָר, אַז דידאָזיקע אַלטע צעפּוילטע פאַבריקנ, וואָס זײַנענ אונדז געבליבנ בירושע פונ דער אַלטער וועלט, וועלנ דאַרפנ גײנ אַפ ברוכ, אַזוי יווי סע וועט גײנ אַפ ברוכ די גאַנצע אַלטע צעפּוילטע וועלט!

---

| ראַיאָנען | בוימוואָל-פאַבריקן: שפּינ. | בוימוואָל-פאַבריקן: וועב. | בוימוואָל-פאַבריקן: אַפּרעטור | בוימוואָל-פאַבריקן: סאַכאַקל | טריקאָטאַזש | וואָל | לײַנ | פלאַקס | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צענטראַל־אינדוסטר. געגנט . . . . | 28 | 30 | 4 | 62 | 5 | 6 | 4 | 2 | 79 |
| לענינגראַדער געגנט . | — | 3 | — | 3 | 1 | 3 | 1 | — | 8 |
| מײַרעוו-ראַיאָן . . . | — | — | — | — | — | — | 1 | 2 | 3 |
| נידערוואָלגער ראַיאָן. | 1 | — | — | 1 | 3 | — | — | — | 4 |
| מיטלוואָלגער ראַיאָן . | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| טאַטרעפּובליק . . . | — | — | — | — | — | 1 | — | — | 1 |
| וויאַטקער ראַיאָן . . | — | — | — | — | — | — | 1 | — | 1 |
| צפון-ראַיאָן . . . . | — | — | [illegible] | — | — | — | 1 | — | 1 |
| צענטראַלע שוואַרצערד געגנט . . . . | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| אוראַל . . . . . . | — | — | [illegible] | — | — | — | 1 | — | 1 |
| קאַזאַקסטאַן . . . . | — | — | — | — | — | 1 | — | — | 1 |
| צפון-קאַווקאַז . . . | — | — | — | — | — | 1 | — | — | 1 |
| ווײַסרוס. ס.ר.ר. . . | 2 | 2 | — | 4 | 2 | | 2 | — | 8 |
| סיביר . . . . . . | 2 | 2 | 2 | 6 | — | — | 2 | 1 | 9 |
| אוקראַינ. ס.ר.ר. . . . | 1 | — | — | 1 | 2 | — | — | 2 | 5 |
| אזערבײַדזשאַן . . . | 2 | 2 | 1 | 5 | — | — | — | — | 5 |
| אַרמעניע . . . . . | 2 | 1 | — | 3 | — | — | — | — | 3 |
| אוזבעקיסטאַן . . . | 2 | 1 | — | 3 | — | — | — | — | 3 |
| טורקמעניסטאַן . . . | 2 | 1 | — | 3 | — | 1 | — | — | 4 |
| | 42 | 42 | 7 | 91 | 13 | 13 | 13 | 9 | 139 |

